# די יודישע מוזע.

זאמלונג פון די בעסטע יודישע ליעדער.

אונטער דער רעדאקציע און מיט א פאררעדע

פון

יעקב פיכמאן.

פערלאג
„וועלט-ביבליאטעק".

ווארשא. תרע"א.

דרוק י. עדעלשטיין, נאלעווקי 38.

# די יודישע ליריק.

## I.

די יודישע פאעזיע איז ניט אויסגעוואקסען אויף אזא רייכען באדען, ווי די מאדערנע העברעאישע. זי האט ניט געהאט ניט איהר הויכענטוויקעלטע בילדער-און קאלאריטען-רייכע שפראך, די שפראך, וואס האט טויזענדער יאהר איינגעזאפט אין זיך די גייסטיגע אוצרות פון אונצעהליגע דורות, ניט איהר גרויסען ליטעראַרישען עבר בכלל מיט זיינע איביגע נאציאָנאלע טענדענצען און שטרעבונגען. האט אבער די יודישע פאעזיע געהאט אנ'אנדער מזל, — וואס זי איז אויסגעוואקסען און ענטוויקעלט געווארען גלייך פון דער פאלקס-טימליכער יודישער ליעד, וועהרענד די ערשטע מאטיווען אין דער נייער העברעאישער פאעזיע זענען געבוירען און ענטוויקעלט געווארען אונטער'ן איינפלוס פון בוך און פון אבסטראקטע אידעען פון יחידים. די נייע העברעאישע פאעזיע האט געמוזט דורכגעהן א לאנגען אומעטיגען וועג פון איינזאמקייט, בלייבענדיג פיעל צעהנדליגער יאהרען כמעט אינגאנצען פרעמדע דער פאלקס-נשמה, ביז זי האט אין די לעצטע יאהרען געוואונען דעם נאטירליכען סטיל און דעם עכטען לירישען טאן, וועהרענד די יודישע פאעזיע, וואס האט געשעפט אין איהרע ערשטע טעג אונמיטעלבאר פון די פאלקס-קוועלען, האט זיך גלייך אומגעקעהרט צום הארץ פון פאלק, וואס האט זי ווארים אויפגענומען, און גלייך אנערקענט אלס אייגענע.

די ניי-העברעאישע ליריק האט אין איהר אנפאנג געליטען פון שפראכליכע איבערפליסיגקייט. די שפראך איז געווען פיעל רייכער פונ'ם אינהאלט. עס איז ניט געווען, אין וואס אריינצולעגען די

גרויסע שפּראַך-קאַפּיטאַלען, און די עלעמענטאַרע געדאַנקען און געפיהלען פון די דיכטער זענען אינגאַנצען בטל געוואָרען פאַר דער רייכער ביבעל-מליצה. די יודישע ליריק ליידט נאָך ביז היינט — אויב זי וויל ניט אָנקומען צו ליידען — פון שפּראַך-מאַנגעל. זי האָט אָבער אין אָנהויב געהאַט די פּאַסיגע שפּראַך פאַר איהר אינהאַלט. די פּרימיטיווע געדאַנקען און געפיהלען האָבען געהאַט די פּרי-מיטיווע שפּראַך-מיטלען, אין וועלכע זיי האָבען זיך גענויטיגט.

דער יודישער פּאָעזיע פעהלט דער אַדעל-גלאַנץ פון שענער עלטער. זי פערמאָגט ניט די דינע וועטער-מוזיק, וואָס קלינגט אָפּ מיט פיעל-פאַרביגע טענער פון פערשידענע אַלטע און אוראַלטע דורות. וויל זי זיך אַ פּיטיך טהון אַ ביסעל נגידיש, וואַרפט מען איהר באַלד אויף: „טהו אויס, שוועסטער-לעב, — ס'איז גאָט'ס און פרעמדס!"... קיינער וועט אָבער ניט אָבלייקענען, אַז אין דער יודי-שער פּאָעזיע, אויף וויפיעל זי שטעהט אויף איהר אייגענעם באָדען, איז דאָ אַזאַ חן, וואָס מאַכט זי אונז נאָהענט און ליעב, טראָטץ איהר אָרימקייט. עס איז דער חן פון נאַטירליכקייט, דער ליעבער און פּראָסטער טאָן, וואָס עס שאַפט דאָס אינטימע וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס איז פאַר אונז דאָס איינציגע, ווייל קיין אַנדערס האָבען מיר ניט און קיין אַנדערס זוכען מיר ניט...

די יודישע פּאָעזיע קאָן ניט זיין ריטהאָריש, ווייל יעדער העכערער טאָן איהרער גרילצט און אויער און שרייט געוואַלד: איך בין ניט נאַטירליך!... אַ שפּראַך, וואָס איהר גאַנצע עבר-ליטעראַטור בעשטעהט פון אַ ביסעל תחינות, ספרי-מעשיות און פאָלקס-ליעדער, האָט נאָך, אמת, ניט די אַלע חנ'דלעך און קאָקעטעריי-שטיק, וואָס אַ הויך-קולטורעלע שפּראַך. דערפאַר אָבער פערמאָגט זי דאָס, וואָס יענע האָט שוין לאַנג פערלוירען — די מעגליכקייט צו אויסדריקען מיט איהרע אָרימע מיטלען נאָר ריינע געפיהלען, ניט קיין קאַלטע ליטעראַטור-סברות. היקא דאָס, וואָס ביי איהר איז דאָס שענע וואָרט נאָך ניט געוואָרען אַזוי ביליג, מאַכט זי אַזוי קאַרג אויף מליצות און אַזוי מילד אויף פּראָסטע האַרציגע ווערטער. יעדעס פאַלשע וואָרט אין איהר ווערט באַלד ענטדעקט אין איהר, ווי אַ שטעדטישער פראַנט צווישען פּראָסטע דאָרף-יונגען...

וואָלט נאָר דאָס המונישע אין דער יודישער פּאָעזיע גיווי אָפּט איהר ניט קאַליע געמאַכט דאָס פּנים, וואָלט נאָר דאָס בדחנישע, וואָס אַנדערע נעהמען אָן פֿאַר פֿאָלקסטימליכעס, אַזוי פֿיעל אָרט ניט פֿערנומען אין איהר. אמת, דאָס יודישע ליעד איז שען, ווען עס איז מעהר אָדער ווייניגער פֿאָלקסטימליך. דאָס פֿאָלקסטימליכע איז אָבער ניט דאָס וואולגאַרע. זיין פֿאָלקסטימליך, הייסט ניט זיין גראָב און איבערפֿלעכליך. עס הייסט — זיין בעשיידען־טיעף, רידהרענד־פּראָסט און אָריגינעל, שעהמענדיג זיך מיט אָריגינעליטעט... עס הייסט — אַ אייגען רענדיל בעהאַלטען צוליעב דעם כשרן פֿאָלקס־גראָשען; אייגענע אוצרות בעגראָבען, אום פֿאָלקס־אוצרות אויפֿצו־גראָבען. עס הייסט — פֿון אַלטע, אָבגעריבענע מטבעות דעם שטויב אָבטרייסלען, אַז זיי זאָלען אַגלאַנץ טהון מיט זייער ערשטען גאָלדענעם גלאַנץ. זיין פֿאָלקסטימליך הייסט — זיך מפקיר זיין, זיך פֿערשטעלען, און דאָך בלייבען בעמערקט, און דאָך האָבען אַ נאָטאַריעלען שיין אויף אייגענס... אונטער די אַלטע, בלייכע, אָבגעבליאַקעוועטע פֿאַרבען דאַרף זיך שטענדיג פֿיהלען זייער אוראַלטע פֿרישקייט, פֿון אונטער דעם איינפֿאַכען גראָבען אויבערמאַנטעל פֿון דער פֿאָלקסטימליכער פּאָעזיע דאַרף שעמעוודיג אַרויסקוקען דאָס זיידענע וועש פֿונ'ם דיכטער...

מען דאַרף איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל שטרענג אָבגרענצען דאָס פֿאָלקסטימליכע פֿון דעם וואולגאַרען, ווייל צו אָפּט פֿערבייט מען זיי ביי אונז איינע אויף דאָס אַנדערע. זיין פֿאָלקסטימליך הייסט זיין, וואָס ווייניגער ליטעראַריש, וואָס מעהרער מענשליך; די מיט־לען, מיט וועלכע עס בענוצט זיך דער פֿאָלקסטימליכער דיכטער, זענען אין פֿליג די פּרימיטיווסטע; עס זענען בילדער און געדאַנקען, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אַליין בעשאַפֿען, וואָס די שפּראַך אַליין פֿער־מאָגט. די זעלבע ליעדער, די זעלבע געשיכטען ווערען געזונגען און דערצעהלט אין טויזענדער נוסחאות, אין אונצעהליגע וואַריאַנטען — יעדער זינגט און דערצעהלט לויט זיין השגה, לויט דער מדרגה פֿון זיין נשמה. ווען עס קומט אָבער דער פּאָעט אונז איבערדיכטען די זעלבע זאַכען, האָן פֿאָדער איך דאָס אידעאַלען אויסדרוק פֿון זיי. דאַן שטעל איך מיר פֿאָר טויזענד זינגער אָדער דערצעהלער פֿון די זעלבע זאַכען, איינער העכער פֿון אַנדערען, און איבער זיי

אַלעמען — דעם טויזענד ערשטען, דעם דיכטער, אַלס די העכסטע מדרגה פון דער פאָלקס־נשמה. זיין פאָלקסטימליך הייסט, אַלזאָ, ניט זיין אַליין פרימיטיוו אָדער אויבערפלעכליך; עס הייסט, אימ־געקעהרט, זיין העכער פון אַלע, נאָר ניט אָבגעריסען פון אַלע. עס הייסט — זיין דער העכסטער בוים אין וואַלד, וואָס פעררייסט דעם קאָפּ ביז צו די וואָלקען, וועהרענד זיינע ווארצלען זענען געקניפּט און געפלאָכטען מיט די ווארצלען פון די קלענסטע ביימלעך, וואָס אַרום איהם...

זיין דיכטער, הייסט שטענדיג זיין דער טויזענד ערשטער... ניט אַלע זענען אָבער זוכה דערצו. אויך ניט אַלע פאָלקסטימליכע דיכטער זענען גלייך. עס טיילט אָב אַ גרויסע דיסטאַנץ איין פאָלקס־טימליכען דיכטער פון צווייטען. איינער איז פאָלקסטימליך מיט זיין גוטען ווילען, וויל איהם איז ליעב זיך צו וואַרעמען ביים בעשיידענעם פייער'ל פונ'ם פאָלק, חאָטש טויזענד זונען הענגען איבער זיין קאָפּ, וועהרענד דער צווייטער מוז זיך האַלטען ביי דער היים, וויל אַלע אַנדערע וועגען זענען איהם פרעמד...

שעדליכער פון אַלץ איז אָבער די אימיטירטע פאָלקס־טימליכקייט. עס קומען מענשען מיט נשמות און געפיהלען פון מאַרק־אידענעס און שרייען: מיר זענען פאָלקסטימליך! אַ גליק, וואָס עס איז זיי אַזוי לייכט צו דערקענען. זיי פערמסר'ן די פרעמדע טענער, מיט וועלכע זיי האָבען ליעב צו בעפוצען די אָרימע וואָהנונג פון זייער כלומר'שט פאָלקסטימליכע פּאָעזיע, עס זאָל אויסזעהען, ווי ביי לייטען... עס איז זיי לייכט צו דערקענען, וויל זיי זענען קיינמאָל ניט אימשטאַנד דאָס פרימיטיווע צו אידעלען, אויפצוהויבען, עס זאָל דאָס געוועהנליכע אַ בליק טהון פאַר אונז מיט אַ נייעם, אונ־ערוואַרטעטען גלאַנץ. דערפאַר אָבער זענען זיי גרויסע בריה'ס דאָס גרויסע און הויכע פון די פאָלקס־אוצרות פאַר קופּערנע מטבעות צו פערקויפען...

דאָס יודישע ליעד איז גרויס מיט איהר פראָסטקייט, מיט איהר אינטימליכקייט. דאָס איז איהר געזעצליכע אייגענטום. מיט די איינגענשאַפטען צייכענט זי זיך אויס, מיט זיי דערפילט זי אונזער מאָדערנע העברעאישע פּאָעזיע, וואָס איז אונגעהויער רייפער אַלס זי בכלל און שטעהט בעזאָנדערס העכער אין נאַציאָנאַלען זינן.

נאָר וואָס האָט ביז איצט ניט געקאָנט זיין הירך איהרע שפּראַך־תנאים איינגאַנצען פֿאָלקסטימליך. עס פֿעהלט דער יודישער ליטעראַטור נאָך פֿיעל, אום זי זאָל זיך שוין פֿערקלייבען אויף די הויכקייטען פֿון דער פּאָעזיע. זי האָט אָבער גענוג מיטלען, כדי צו שאַפֿען איהר אייגען געשטאַלט, כדי לאַנגזאַם צו ענטוויקלען זיך און איבערגעהן פֿון דעם פֿאָלקסטימליכען ליעד צו די איבריגע מאָטיווען פֿון דער אַלוועלטליכער פּאָעזיע.

## II.

אומעטיג און איינפֿאַרביג איז דאָס יודישע פֿאָלקס־ליעד. אָרים אין פֿאַרבען, אָרים אין בילדער, אָרים אַפילו אין געוועהנליכע ווערטער. אויסגעוואַקסען אין אָרימקייט און אין נויט פֿון אונזערע ברידער און שוועסטער, זייענדיג די טרייסט און די תפלה פֿון די ענגע וואָהנונגען, וואו עס פֿעהלט די פֿרעהליכע זיכערהייט פֿון געזונדטע לאַנד־לייט, וואו דאָס גאַנצע לעבען איז אַ זאַך, וואָס מען מוז דאָס ווי עס איז אַ־בערקומען, וואו זאָגאַר די יונגע און פֿריידענפֿולע ליעבע איז עפּיס אַזוינס, וואָס רופֿט אַרויס אין האַרצען פֿון אָרימען יודישען קינד צוזאַמען מיט איהר זיסען צויבער ניט־קלאָרע שרעקען פֿאַר אַ שלעכטען סוף — פֿערמאָגט ניט דאָס יודישע פֿאָלקס־ליעד קיין גרויס עשירות. דעם פֿערדאָרעווטען יודישען בעל־מלאכה און דעם אָרימען יודישען דיענסט־מיידעל איז געווען פֿרעמד דאָס פֿרייע זאַנגען־פֿעלד, דער פֿרעהליכער קלאַנג פֿון דער בלאַנקענדער קאָסע; די יודישע ליעבע איז ניט געשלאָסען געוואָרען אין זיסען שאָטען פֿון אַלטע זילבערנע ווערבעס אויפֿ'ן ברעג פֿון שטילע, ליכטיגע וואַסער'ן. און דאָך גיט אין דער יודישער פֿאָלקס־ליעד דאָ און דאָרט אַ גלאַנץ־אויף דאָס אמת'ע האַרץ־וואָרט, עס גיט זיך אַ דעק־אויף די מענשליכע נשמה מיט איהרע איביגע ליידען, מיט איהר איביגע שענקייט. זאָגאַר די פּראָסטע, אָפֿטמאָל גראָבע אויסדריקע אין בילדער, זענען געבענשט מיט'ן נאַאיווען חן פֿון יעדער שעפּפֿונג, וואָס איז נאַטירליך, ניט געקינסטעלט, און ווערלכער עס שפּירט זיך דער נאַקעטער טראַגישער ערנסט אָהן איבער־חכמות, און וועלכער דאָס מענשליכע געפֿיהל שעהמט זיך ניט מיט זיך אַליין און זוכט ניט קיין מיטלען

מיט איין ווארט זיך אויפצודעקען און מיט דאס צווייטע זיך צו פערדעקען ...

דאס יודישע פאלקס־ליעד איז אויסגעוואקסען אין דער ענגער יודישער גאס, און איז אפגעריסען ניט נאר פון דער מילדער, גרינער ערד מיט איהר אייביגען בעהאלטענעם טרייסט, נאר אויך פון א ווייטער מיטהאלאגישער תקופה, וועלכע לאזט שטענדיג איבער רייכע קאסמישע בילדער און פארשטעלונגען אין יעדער פאלקס־שעפפונג, וואס ציהט איהר גאלדענעם פאדעם פון לאנגע דורות מיט נאטירליכער שפראך־ענטוויקלונג און לאנג־יעהריגע טראדיציאן. נאר מעהר פון אלעם פעהלט אין איהר דאס פרעהליכע, גאוהדיגע, נאציאנאלע בעוואוסטזיין. און זעהר א פינסטערער עפאכע פון דער יודישער געשיכטע האט זיך אנגעהויבען די ענטוויקלונג פון די יודישע פאלקס־ליעדער. און פינסטער איז געוועזען ניט נאר פון אויסווענינ, נאר אויך פון איגנווענינ... עס איז די צייט, ווען איבער׳ן יודישען לעבען און זאגאר איבער דעם יודענטום זעלבסט האבען אבלאז געטהון די קאלטע, רוהע ווינטען, און דאס יודישע הארץ און דאס יודישע תורה זענען ביידע אויף לאנגע יאהרען געווארען פערפרוירען און פערצויגען מיט א גראבע הויט פון אייז. ניט קיין איין ליכטיגער געדאנק, און ניט קיין איין ליכטיג געפיהל האבען דעמאלט בעלעבט די גאנצע העברעאישע ליטעראטור. עס האט זיך געצויגען דער לאנגער פלאנטער פון די רבנישע פלפול־ספרים, מיט וועלכע יעדער האט צוגעהארפען א נייעם שטיין אויף די לעבעדיגע אוראלטע קוואלען פון דעם יודישען געדאנק און דער יודישער פאעזיע. די עפאכע פון שבתי־צבי האט איבערגעלאזט איינציגע שענע, מיסטיש־רייכע ליעדער; זענען זיי אבער, ווי א גרויסע טייל פון אונזער פאלקסטימליכער ליטעראטור, געשאפען אין ארמישען. און דאס חסידות האט איהר גאנצע דבקות, איהר גאנצע בענקשאפט נאך געטליכע שענקייט מעהר אויסגעדריקט אין נגונים און מעלאדיען, איידער אין וואכענדיגע ווערטער. עס איז אלזא קיין וואונדער ניט, וואס איינציגע פון אונזערע נאציאנאלע דענקער טרייסלען זיך אב, ווי מיזאגט, מיט הענה און פיס פון דער יודישער פאלקסטימליכער פאעזיע, שפירענדיג זיין איהרע גרונד־מאטיוען און אין איהרע אנבעהאלפענע שפראך־מיטלען דעם פינסטערען אויס־

דרוק פֿון גלות-גייסט. עס איז אָבער אַ גרויסער טעות. עס איז דער איינציגער טעות פֿון די, וואָס זוכען אין אַזאַך דאָס, וואָס מען דאַרף אין איהר ניט זוכען. ניט דעם נאַציאָנאַלען שטאַמפּ, ניט דעם נאַציאָנאַלען טיעפֿען געדאַנק דאַרף מען זוכען אין די יודישע פֿאָלקס-ליעדער. דאָס פֿערמאָגט זי אפשר ניט. דערפֿאַר אָבער פֿערמאָגט זי עפּיס אַנדערש, וואָס וואַלגערט זיך אויך ניט אונטער די פֿיס אין פֿאַנטעזאָן פֿון יעדער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור — עס איז דער איינפֿאַכער, איניגסטער אויסדרוק פֿון פֿאָלקס-האַרץ אין אַ ביטערער, פֿינסטערער צייט; עס איז דער קרעכץ פֿון קלענערען אָרימען ברודער, דער אָפּקלאַנג פֿון זיינע ליידען און פֿריידען, פֿון וועלכען די לערנסט איהם ניט נאָר צו קענען, נאָר אויך צו ליעבען; עס איז, אַם ענדע, די שעמעוודיגע, נאָר זאַפֿטפֿולע פּאָעזיע, צו וועלכער דאָס הירשטיגע האַרץ קעהרט זיך שטענדיג אום, ווען עס ווערט טרוקען פֿון דער קאַלטער שענקייט פֿון הויכער קונסט, ווען דער מידער קאָפּ זוכט אויף עפּיס זיך אָנצושפּאַרען, אויף עפּיס איינענס, זיכערעס, אמת׳עס... דען דאָס זיכערע איינענס פֿון יעדער ליטעראַטור איז שטענדיג די פֿאָלקס-פּאָעזיע און דאָס, וואָס עס ווערט געבויט אויף איהרע יסודות.

כמעט אין אַלע צייטען — האָט מיר ביאַליק אַמאָל אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, רעדענדיג וועגען דאָס נאַציאָנאַלע און פֿאָלקס-טימליכע אין אונזער ליטעראַטור — איז צו בעמערקען אַ געוויסען בימול ביי די אינטעליגענטערע פֿאָרשטעהער פֿונ׳ם פֿאָלק, ביי די תלמידי-חכמים, צו דער פֿאָלקסטימליכער שעפֿפֿונג. עס שפּירט זיך שוין זאָגאַר אין תנ״ך, נאָר קלאָרער איז דאָס צו בעמערקען אין דער בעציהונג פֿון די בעלי-הלכה צו די בעלי-אגדה. די אגדה איז געשאַפֿען געוואָרען פֿאַר׳ן פּראָסטערען עולם אין, מעהרסטענטייל, הורך יענע, וואָס זענען ניט נאָר געווען מעהר בעגאַבט אַלס דיכטער, נאָר וואָס זענען אַליין געשטאַנען נעהענטער צום פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט שטענדיג הויך געשעצט די אגדה און פֿלעגט קומען מאַסענווייז הערען איהרע פֿאָרשטעהער, אָבער אין די ישיבות זעלבסט האָט מען געקוקט אויף איהר שטענדיג, ווי מ׳זאָגט, פֿון אויבען אַראָב. און די זעלבע ביטלשע בעציהונג איז צו בעמערקען ביז היינטיגען טאָג צו יעדען ספר, וואָס איז שטאַרק בעליעבט ביים המון

דורך זיין פאָלקסטימליכקייט. איבער דעם איז ביי אונז אַזוי פערנאַכלעסיגט די גאַנצע פאָלקסטימליכע פּאָעזיע פון די לעצטע הונדערטער יאָהרען, די אַלע הונדערטער פאָלקס־מעשיות, ליעדער, אַנעקדאָטען און ד. ג., וואָס וואָלטען געבילדעט גאַנצע אוצרות פאַר'ן פאָלק און פאַר אונזער מאָדערנע קונסט.

צום בעדויערען, זענען די ליעדער, וואָס זענען אַריין אין מאַרעק און גינזבורג'ס זאַמעלבוך, מעהרסטענטהייל געגעבען געוואָרען אין די ליטווישע וואַריאַנטען, וואָס שטעהען פיעל ניעדריגער אין שפּראַכליכען זין פון די וואָהלינער, פּוילישע און בעסאַראַביער, וואו די שפּראַך איז בעדייטענד שענער, צאַרטער אין ריינער פון רוסיציזמען. נאָר אַפילו אין די גראָבסטע פאָרמען פון דער אמת'ער פאָלקס־פּאָעזיע איז דאָ אַ איינגענאַרטיגער חן, עס איז דער חן פון דעם, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט אָהן ווערטער, וואָס מיר פיהלען דורך אַ ווייטען רמז, עס איז די שענקייט פון געפיהלען, וואָס רייסען זיך הילפלאָז פון האַרצען, וואָס בלייבען האַלב דערוואָרגען אינווייניג. נאָר וועלכע מיר שפּירען נאָך צו־מאָל דורך דעם מיט אַ גרעסערער מאַכט. איין וואָרט, איין אויסדרוק אין אַ ליעד, צו־מאָל נאָר דער אָבקלאַנג פון ווערטער, וועלכע זענען זאָגאַר ניט אין גאַנצען קלאָר, ניט אין גאַנצען לאָגיש געבונדען, שאַפען ביי אונז אין האַרצען גאַנצע רייהען פון בילדער און געפיהלען און ליעבע זכרונות... האָט דאָך פּרץ, אין אַ גרויסער טייל פון זיינע פאָלקסטימליכע געשיכטען, און ביאַליק, כמעט אין אַלע זיינע „משירים“, ניט גענומען מעהרער, ווי דעם טאָן, דעם קלאַנג, דעם אַלגעמיינעם קאָלאָריט, פון די פאָלקסטימליכע זאַכען, און מיט איינענעם זיידענעם דערוועבט די פּראָסטע כשרע פעדים, וואָס ציהען זיך פון פאָלקס־שעפּפונג.

אויף פרעמדע ערד און אונטער פרעמדע הימלען זענען אויסגעוואַקסען אונזערע פאָלקס־ליעדער. די פרעמדע ערד האָט אָבער איינגעזאַפּט אונזערע וואַרימע טרעהרען און אונטער די פרעמדע הימלען האָבען אָבגעקלונגען אונזערע שטילע תפלות. עס געהען ניט פערלוירען קיין אמת'ע טרעהרען און עס שטאַרבט ניט אָב אויף אייביג קיין ריינע תפלה. זיי בליהען מיט נייעם חן אויף אַלע

מעהרער און מעהרער אין אונזער יודישער, ווי אויך אין דער העברע־
אישער פאעזיע, און ווערען אלץ מעהרער דער פעסטער יסוד פון
אונזער פאעזיע אין דער צוקונפט.

---

## III.

דער ערשטער דור פון די יודישע פאלקסטימליכע פאעטען,
ש. בערנשטיין, מיכל גארדאן, אליקום צונזער,
י. ל. גארדאן (אין זיינע יודישע לידער), אברהם גאלדפא־
דען, בעזונדער מ. מ. ווארשאווסקי, שטעהען נאך אזוי נאהענט
צום יודישען פאלקס־ליעד, לויט דעם אלגעמיינעם גייסט פון זייער
פאעזיע, זאגאר לויט זייערע פרימיטיווע פארמען, אז זיי זענען כמעט
אלע אנגענומען געווארען ביים פאלק און ווערען אומעטום געזונגען,
ווי פאלקס־לידער. בערנשטיינ'ס מוזע האט אפילו ליעב צו־
מאל פילאזאפישע מאטיווען... ער בעזינגט די פאלשע האפנונגען
פונ'ם לעבען, די חלומות, וואס נארען אונז אב פון קינדהייט אן ביז
אין דער עלטער; נאר די גרעסטע טייל פון זיינע לידער זענען
צייט־מאטיווען, — הומאריסטישע און סאטירישע קופלעטען אויף
חסידים, ו ם און ד. ג. — א ביסעל אבלצ'ען, חוזק מאכען פון
די רייכערע קלאסען, בעזונדערס, פון רבנים און כלי־קודש, — דאס
האט שטענדיג ליעב די פאלקסטימליכע ליטעראטור ביי אלע פעלקער,
און דאס זענען אויך די הויפט־מאטיווען פון אונזערע ערשטע
פאלקס־דיכטער.

אונגעהויער העכער פון בערנשטיינ'ען שטעהט מיכל
גארדאן. זיינע מאטיווען זענען אפילו כמעט די זעלבע, וואס
בערנשטיינ'ס: סאטירישע און נאאיוו־חקרנ'ישע. ער איז אבער פיעל
בעגאבטער פון יענעם, און איניגע פון זיינע לידער זענען קלאסיש
נאך זייער גלענצענדער פארם און שארפזיניגקייט. אין זיינע לידער
פיהלט זיך אמת'ע אינטעליגענץ און הויכער געשמאק; זיי זענען
פראסט און זייער סאטירע איז ביסענה און גוטמוטהיג צוזאמען:

איהר זייט דאך, רב יוד, אין פאלטאווע געוועזען,
האט איהר דאך דארטען מיין מאן געזעהן;

מען זאָגט, מען זאָגט — א חרפה אָן א זייט —
מען זאָגט, אז ער איז געוואָרען פערשייט.
מע זאָגט: ער געהט שוין גאַנץ קורץ געקליידט,
נאָך דער גויישער מאָדע גאָר אָבגעניידט,
ער געהט אָהן א היטעל גאַנצענע טעג,
און רעדט מען מיט איהם, זאָגט ער: מען מעג.

אין זיין חקרנישע ליעד „די לעבענס־צייט” געפינען מיר שוין אזוינע עהרליכע סטראָפען:

עס טהוט אַמאָל פון ים א שפריץ
א טראָפען וואַסער פאַרין זונענשיין
און פאַלט געשווינד אזוי ווי א בליץ
צוריק אראָב אין ים אריין.
אזוי איז מיין קורצע לעבענסצייט.
אזוי איז מיין גלענצענדער לעבענס־גליק;
עס געהט נאָר פלוצלונג ארויס פון אייביגקייט
און פאַלט אין אייביגקייט געשווינד צוריק.

אליקום צונזער איז רייכער אין מאָטיוען פון די פריערדיגע. ער בעזינגט כמעט אלע ערשיינונגען אין יודישען לעבען פון זיין צייט. זייענדיג מעהר בדחן אלס דיכטער, פיהלט ער דאָך די גרונד־מאָטיוען פון זיין צייט, און זינגט וועגען השכלה, שיבת־ציון, און מיט בעזונדערער ליעבע — וועגען דאָס גליקליכע לעבען פון ערד־אַרבייטער, וואָס האָט זיך מיט אזוינע זיסע פאַרבען פאַרגעשטעלט אין דעם נאאיווען דמיון פון אונזערע ערשטע משכילים. ניט אומזיסט איז זיין „ליעה פון דער סאָכע” געווען פיעל יאָהרען איינע פון די בעליעבטסטע ליעדער ביים פאָלק.

א ביסעל ארויס פון די קינדערשע שיכלעך איז די יודישע פאָעזיע אין אברהם גאָלדפאַדען'ס ליעדער. אמת, עס איז נאָך אויך ניט קיין צייטיגע פאָעזיע, די ליעדער זענען נאָך ניט אינגאַנצען ריין פון בדחנישע עפעקטען, וואָס האָבען זיך לאַנגע יאָהרען ווי נאַסע שמאַטעס נאָכגעשלעפּט דער יודישער מוזע. עס איז שוין אָבער א שוואַכער קלאַנג פון ליריק, און זעלטען־וואו גיעט שוין א גלאַנץ א איינזאם בילה — די ערשטע סמנים, אז דאָס איז שוין

ניט נאָר קיין מות-חקירה, אַז דאָס האַרץ הויבט שוין אָן פיהלען און די אויגען זעהען שוין עפּעס אין דרויסען, ניט נאָר דאָס, וואָס זיי האָבען אויסגעלייענט אין ספרים.

י. ל. גאָרדאָן, דער גרעסטער העברעאישער דיכטער פון זיין צייט, וואָס האָט אָנגעהויבען מיט אַזוינע ראָמאַנטישע פּאָעמען, ווי „אהבת דוד ומיכל", אין האָט געענדיגט מיט אַזוינע געזעלשאַפט-ליך-טענדענציעזע זאַכען, ווי „קוצו של יוד" און „אשקא דריספק", איז אין זיינע מעהר-כאַראַקטעריסטישע יודישע לידער כמעט שטענ-דיג סאַטיריש אין פאָלקס-גייסט. אַלס מוסטער-ווערק פון זיינע לידער, קאָן דיענען דאָס סאַטירישע ליעד „וואָס איז ביי דער אסיפה געבליבען?" עס דערמאָהנט אַ ביסעל דעם טאָן פון מיכל גאָרדאָנס הומאָריסטישע לידער:

> ר' קאָפּיל דער פּרוש, וואָס קוקט ניט אויף ווייבער
> דער האָט זיך געפּאָרסקעט מיט יודעל דעם שרייבער:
> „דו מופקר, אַפּנים ווילסט אויך זאָגען דעת —
> אַ יוד, וואָס עס געהט אָהן באָרד און אָהן פּאות?"

איינע פון גאָרדאָנ'ס שענסטע סאַטירישע לידער איז אויך דאָס ליעד „שווערע צייטען". הונדערטער לידער און קופּלעטען זענען דאַמאָלס געשריבען און געזונגען געוואָרען אויף די חסידים און אויף זייערע צדיקים, נאָר זעלטען האָט זיך וועמען איינגעגעבען אַזאַ פּראָסטער, רוהיגער טאָן — דער אמתער סימן פון הויכען גע-שמאַק און אינטעליגענץ:

> נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר —
> די וועלט געהט אַלצדינג ווייטער;
> עס וואַקסט אַליץ אויף אַ נייער דור,
> דער מענש ווערט אַליץ פערשייטער.
> ווער רעדט פון כבוד אָב ואם,
> אַז מע האַלט ניט פון דער תורה?
> ווער גלויבט נאָך איצט אָן בעל-שם,
> אַז מע האָט פאַר גאָט קיין מורא?

נעהענטער פון אַלע צום גייסט פון דער יודישער פאָלקס-פּאָעזיע איז אָהן ספק מ. מ. וואַרשאַווסקי, דער שפּעטסטער

פון די אלע, וועלכע מיר האָבען ביז אהער בעשפּראָכען. אין דער יודישער פּאָעזיע האָט אלאנגע צייט געפיהלט זיך דער בילינגער אָפּקלאנג פון בדחנות. אפילו שטילע טרויעריגע מאָטיווען האָבען זיך געמוזט שליסען מיט עפּיס א וויץ, אָדער גלאט א חכמה, וואָס האָט זעהר זעלטען הארמאָנירט מיט'ן גאנצען טאָן פון דער זאך. א יודען איז בכלל זיך שווער צו בעגעהן אָהן א חכמה — אפילו אין ליעדער... כמעט ביי די אלע דערמאָהנטע דיכטער פיהלען מיר, אז דער עלעמענט פון לצנות איז ביי זיי דער עיקר, אז שרייבען יודישע ליעדער הייסט ביי זיי א ביסעל חכמ'נען זיך; זעהר זעלטען געפינען מיר ביי אייניגע פון זיי אויך הארציגע מאָטיווען, זיי זענען אלענפאלס ניט טיפּיש פאר דער פּאָעזיע פון יענעם דור.

איך וויל ניט זאָגען, אז װאַרשאַװסקי איז דער בעגאבטער פון די דערמאָהנטע פּאָעטען, איך וויל נאָר בעטאָנען, אז זיין פּאָעזיע איז פון אנדער געוואנד געשניטען. אין איהר פיהלט זיך מעהר תמימות, מעהר ליעבע, א ביסעל צוגעפּראוועט אפילו מיט סענטימענטאלע געווירצען, נאָר אמת'ע. זיינע מאָטיווען זענען הארציגער, און אין דער פאָרם און אויסדריק פון זיינע ליעדער איז ער אָפטמאָל אזוי הילפלאָז, אזוי ריהרענד הילפלאָז, אז איהם ווילט זיך אָננעהמען, ווי א קליין קינד, ביים האנד און ארויספיהרען פון דעם פּאָעטישען פּלאָנטער, איהם אונטערזאָגען א וואָרט, פיהלענדיג, וואָס ער דערזאָגט ניט... איך ליעב װאַרשאַװסקי'ן, ווייל איך שפיר, אז די געפיהלען אין זיינע ליעדער זענען שטארקער און שענער פון זייערע ווערטער און גראמען — דאָס, וואָס איך פיהל אין אלע אמת'ע פאָלקס־ליעדער.

ווייל די שענסטע און טיעפסטע געפיהלען פון מענשען זענען דאָך שטענדיג ניט־דערזאָגטע...

## IV.

דער צווייטער דור פון די יודישע דיכטער, די שעפער פון דער מאָדערנער יודישער פּאָעזיע: פרוג, פרישמאַן, פּרץ און יהואש, האָבען שוין ניט די אלגעמיינע שותפות'דיגע שטריכען, וואָס די פריהעריגע פאָלקס־פּאָעטען. זיי בילדען יעדער פאר זיך

זיין אינדיווידועלע פּאָעטישע פיזיאָנאָמיע. פון אלגעמיינעם פאָלקס־קוואל צוגיסען זיך צווישען די בערג די לעבעדיגע וואסערן און יעדעם שניידט זיך זיין אייגענעם וועג און שפּיגעלט־אָב אנדערע וועלטען, אנדערע הימלען. איינזאמע צושיידען זיי זיך אלץ מעהרער, אלץ ווייטער טיילען זיי זיך אָב איינע פון די אנדערע, אייביג בענקענדיג צוריק און אייביג ציהענדיג זיך ווייטער אין די אומבעקאנטע ווייטקייט, נאָר שטענדיג בעגלייט זיי די אלטע זיסע מעלאָדיע פון דעם ערשטען קוואל, וואָס פון זיין טיעפעניש פליסען זיי, און דאָס איז דאָס איינציגע קול, מיט וועלכען זיי רופען זיך אין טרויעריגע נעכט איבער איינע צו די אנדערע פון זייערע ווייטע ברעגעס...

פרוג איז געווען דער ערשטער, אין וועמעס לידער ס'האָט אהילך געטהון דער פרעהליכער פריהלינגס־קלאנג פון ווייטע סטעפּטייכלעך. דאָס ליעבע ברומען פון בענקענדיגע טויבען אין די ערשטע זונען־טעג פון ניסן איז שטיל אויפגעגאנגען אין אונזערע אויערען, און חאָטש ארום און ארום איז נאָך געווען די טרויעריגע יודישע גאס, נאָר אין הארץ האָט פרעהליך א ציטער געטהון דער געדאנק, אז ס'איז דאָ נאָך ערגעץ אגרויסע פרייע ערד מיט גרינע בערג און ליעבע קלאָרע וואסערן... פרוג האָט אונז נאָך ניט געשאפען זיין גרינע ערד און זיינע בלויע הימלען. א מיעדער און א קראנקער איז ער אנטלאָפען פון דער ענגער יודישער גאס און א בעצויבערטער איז ער אנידערגעפאלען צווישען הויכען סטעפּ־גראָז, פערשיכורט פון די נייע ריחות און נייע קלאנגען. א קינסטלער דארף אָבער זיין ניכטער, ווען ער וויל אונז ניט נאָר רופען אין נייע וועלטען, נאָר אויך ווייזען די נייע וועלטען... פרוג איז אָבער נאָר א פּאָעט, ניט קיין קינסטלער. מיר טראָגען ארום א הארץ פול מיט געפיהלען פון זיינע לידער, אָבער ניט מיט קיין בילדער. ווייל אום צו שאפען בילדער, מוז מען זיין א קינסטלער, און זיין א קינסטלער היינט זיין פריי. פריי ניט פון זיך. דאָס איז א בבא־מעשה, וואָס פילאָסאָפען האָבען אויסגעטראכט. אומגעקעהרט: אום צו זיין א קינסטלער מוז מען פון דער וועלט פריי זיין, פון דעם, וואָס אלע זעהען, וואָס אלע הערען, אפילו פון די געפיהלען, וואָס ווייזען זיך אויס אייגענע צו זיין. אום צו זיין א קינסטלער, מוז מען זיך בעפרייען פון אלע געפיהלען, כדי זיך אומצוקעהרען צו דער

זאַך מיט אמת־אייגענע, פֿון זיין קלאָפּטער טיעף אין זיך אויסגעגראָבּענע. עס איז אַ טעות, ווען מען מיינט, אַז ס׳איז שווער צו זיין אָבּיעקטיוו. דאָס איז דאָס לייכטסטע. שווער איז צו זיין אמת־סובּיעקטיוו, דאָס הייסט, זיך אַבּסטראַהירען פֿון דער וועלט, דערגראָבּען זיך צום אמת׳ן „איך“ און ערשיינען מיט איהם אין זיין גאַנצער ריינקייט. דאָס געלינגט נאָר דעם קינסטלער, וועמעס איינציגע אויפֿגאַבּע איז נאָר זיך צו זוכען, נאָר זיך צו בּעפֿרייען. פֿרוג געהערט נאָך אָבּער צו די פּאָעטען, וואָס דריקען־אויס ניט דאָס אינדיווידועלע, נייערט דאָס אַלגעמיינע. דער כלל־געפֿיהל, די כלל־וועלט שפּיגלען זיך אָבּ אין זייער פּאָעזיע; דעריבּער זענען זיי נעהענטער דעם כלל, ווי דער קינסטלער, וועלכער קומט שטענדיג בּעקעמפֿען דאָס אַלגעמיינע, חרוב צו מאַכען פֿרעמדע וועלטען, צוליעב די זייניגע...

מיר האָבּען שוין געהאַט די מעגליכקייט צו בּעמערקען בּיי יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיגע השפּעה עס האָט די שפּראַך אַן און פֿיר זיך אויף דעם חאַראַקטער און מאָטיווען פֿון יעדער שעפּפֿונג. דאָס זעלבּע בּעמערקען מיר אויך בּיי פֿרוג׳ן. דער זעלבּער פֿרוג, וואָס שרייבּט אין רוסישען לירישע ליעדער, אין וועלכע עס פֿיהלען זיך ריין־אינטעליגענטע איבּערלעבּונגען, שרייבּט אין יודישען גאַנץ אַנדערע זאַכען. ער נעהמט גאָר דאָ אַ גאַנץ אַנדערען טאָן. עס איז דער טאָן פֿון יודישען פֿאָלקס־ליעד, אין וועלכען דער האַרטסטער טרויער ווערט פֿערווייכערט דורך דעם שטענדיגען אָפּטימיזם, וואָס צייכענט אויס יעדע פֿאָלקסטימליכע שעפּפֿונג; עס איז דער ליעבּער הומאָר, מיט וועלכען דאָס פֿאָלק האָט אָפֿט ליעב אָבּצולצ׳ן אייגענע צרות. עס איז דער טאָן, וואָס די שפּראַך אַליין, די אָרימע און הילפֿלאָזע, נאָר די נאַטירליכע און ניט־געקינסטעלטע, האָט געשאַפֿען.

פֿרוג׳ן געהערט אויך דאָס גרויסע פֿערדיענסט, וואָס ער האָט אָנגעהויבּען אַריינפֿיהרען אין דער יודישער פּאָעזיע די יודישע פֿאָלקס־לעגענדע; דאָס, וואָס איז שפּעטער בּיי פּרץ׳ן געוואָרען דער גרונד־מאָטיוו פֿון זיין שעפּפֿונג.

אין פֿרוג׳ן האָט זיך אויסגעדריקט דער פֿריהלינגס־גייסט פֿון דער יודישער פּאָעזיע. עס איז נאָך ניט די זיכערע זומער־זון אויף די

הויכע רוישענדע זאנגען-פעלדער; עס איז אבער דאס ערשטע צארטע ליכט, די ערשטע בלויע און רויטע בלומען, דער ערשטער גאלדענער רעגען פון קלאנגען, וואס גיסט זיך אויף אונז פון דער רייַנער לופט...

איידעלערע טענער הערען זיך אין די וועניגע ליעדער, וואס פרישמאן האט אין יודישען געשריבען. פרישמאן איז דאך איינער פון די ערשטע, וואס האבען אריינגעטראגען דעם גייסט פון אמת-רייַנער ליריק אין אונזער פאעזיע, וואס האבען פערשטאנען דעם סוד פון ווערטער-מעלאדיען, די ליכט-און-שאטען-שפיעל פון געפיהלען. ער איז איינער פון די, ביי וועלכע דאס וויַיטע וויעדער-קול פון די ווערטער האט מעהר בעדייטונג אלס זייער נאהענטער פירוש, ביי וועלכע דער אבקלאנג פון געפיהלען איז חשובער אלס די געפיהלען אליין... ביז פרישמאנען האט די מליצה פערנומען דאס ארט פון ליריק, פון רייַנער הארצען-שפראך. פרישמאן האט דער ערשטער בעוויזען, אז צוזאמען מיט א מליצה-חנדיק מיט ווערטער-קונסט, קאן מען היטען דעם רייַנעם ליריש[ע]ן טאן. נאר ליעבענדיג צופיעל דעם שפיעל פון ווערטער און „זיפענדיג זיי אין דרייַצעהן זיפען" האט פרישמאן געקאנט פערהיטען זייַן פאעזיע פון געשמאקלאזיגקייט, אבער ניט פון א געוויסע געקינסטעלטקייט, וואס שפירט זיך צומאל אפילו אין די בעסטע פון זייַנע זאכען. צופיעל האט פרישמאן ליעב דאס חנדיל, אום צו בלייַבען אומעטום פראסט און נאטירליך. מען דארף איהם אבער מודה זייַן: ער מאכט דאס מיט אזוי פיעל געשמאק און טאלאנט, אז דאס אוננאטירליכע פאר אנדערע, איז פאר איהם נאטירליך.

פרישמאנ'ס מוזע איז צופיעל א געצערטעלטע, צופיעל הויך-ערצויגען. זי האט צופיעל געזעהען, ווי עס פיהרט זיך ביי לייַטען, און האט זיך בשום אופן ניט געוואלט רעכט מאכען דאס, וואס זי האט אין אונזער ארימער גאס געפונען. זי איז געקומען מעהר לערנען, מעהר וויַיזען, ווי מען ברויך שאפען, אלס זיך אליין צייַגען. די איינזאמע טענער אבער פון פרישמאנ'ס ליעדער האבען אבגעקלונגען צארט און מעלאדיש אין אונזער ליטעראטור, און האבען מיט זייער נייַעם ליריש[ע]ן טאן געוועקט די ווייַטע, פרעמדע געפיהלען, וואס האבען אזוי לאנג געדרעמעלט אין אונז.

פ ר ץ האָט צוזאַמען מיט אַליכטיגען מוח און אַאידעען־רייכע וועלט אַריינגעבראַכט אין די יידישע פּאָעזיע דעם ר י כ ט י ג ע ן טאָן פון פאָלקסטימליכע מאָטיוען. ער איז ניט דער ערשטער, וואָס האָט זיי אָנגעהויבען אויסצוניטצען. ער איז אָבער דער ערשטער, וואָס האָט זיי פערטיעפט, פעראַדעלט, היטענדיג פונדעסטוועגען זייער ערשטע ריינקייט, ניט אויסמישענדיג זיי מיט פרעמדע יסודות. פ ר ץ האָט דער ערשטער פערשטאַנען, וואו עס ענדיגט זיך דאָס וואולגאַרע, דאָס מ ו ט נ ע אין דעם קוואַל פון פאָלקסשעפּפונג, און וואו עס הויבען זיך אָן צו ציהען די טיעפע, לויטערע וואַסערען. און דאָס איז דער עיקר. ווייל ש אַ פ ע ן ה י י ס ט ל יי ט ע ר ע ן. לייטערען געפיהלען און בילדער איז אָפטמאָל שווערער, ווי צו שאַפען זיי פון כני. פרץ האָט געלייטערט די פאָלקס־נשמה, ער האָט זיך דורך טויזענד מוטנע שטראָמען דערגראָבען צו איהר און זי אַ קלאָרע, אַ ציטעריג־ריינע פאַר אונז ענטדעקט. פרץ האָט אומגעקעהרט דעם פאָלק דאָס, וואָס ער האָט ביי איהם גענומען, נאָר פ י ל ט ר י ר ט דורך זיין גייסט, און די פּראָסטע, אַלטע מאָטיוען האָבען אַ שיין געטהאָן פאַר אונז, ווי בעהאַלטענע וואַסערען, פון אַ אומגעריכטער זון בעלויכטענע...

איך חזר איבער: פ ר ץ האָט דער ערשטער געשטעלט דעם ריכטיגען טאָן פון פאָלקסטימליכער פּאָעזיע. ביז איהם האָט געהערשט אין דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע דער בדחנישער הומאָר פון איין זייט, און פון דער צווייטער — די ביליגע „געפיהלפולע“ ליריק מיט איהרע גראָשען־טרעהרען. אַפילו בעגאַבטע דיכטער האָבען ניט געקאָנט זייער פּאָעזיע שטענדיג בעפרייען פון די יסודות, וואָס האָבען זיי אויסגעוויזען צו זיין פאָלקסטימליכע, נאָר וואָס זענען אין אמת'ן געוועזען דער הפך פון זיי. פ ר ץ האָט דער ערשטער פערשטאַנען אָבצוגרענצען דאָס פאָלקסטימליכע פון דעם ה מ ו נ י י שען. ער האָט פערשטאַנען, אַז ניט אַלעס, וואָס דאָס פאָלק שאַפט, קען מען רעכענען פאַר זיין אייגענס, און אַז די גאַנצע קראַפט פון דעם פאָלקס־דיכטער איז אינסטינקטיוו צו פיהלען, וואו עס ציטערט אין פרימיטיוען דער אמת'ער פאָלקס־אָדער און וואו עס לאָזט זיך הערען דער מאַרק... דוקא פרץ, דער טיעפער, דער בליטצענדער, ביי וועמען דער געדאַנק ווירבעלט אַזוי שטורמיש,

װעלכער לײדט צומאָל אַזױ פֿון אידעען־איבערפֿליסיגקײט, — דוקא ער האָט בעװיזען זיך צו דערגראָבען צום אמת־פּרימיטיװען, דוקא איהם האָט, װי אײנער פֿון די העלדען אין זײנע „פֿאָלקסטימליכע געשיכטען“, געגליקט אַרױפֿצוװאַרפֿען דעם מאַנטעל אױפֿן אוצר־פֿײערל, װאָס אַנטלױפֿט פֿון אונז, פֿערשװינדט און לאָזט זיך ניט חאַפּען... ער האָט אױך פֿערשטאַנען, װי מען דאַרף זײן געהיט אין פֿאָלקסטימליכע קונסט מיט א י י ג ע נ ע מתנות, װעלכע זי װיל בשום־אופן ניט אַנערקענען, און דאָך אונבעמערקט אױף איהר אַרױפֿצולעגען דעם אינדיװידועלען חותם פֿון דיכטער.

צו די ערשטע יודישע מאָדערנע דיכטער, װאָס האָבען די יודישע פּאָעזיע פֿון איהרע לײכטע געצעלטען איבערגעפֿיהרט אין אַ אײנגעריכטעטער דירה, געהער אױך י ה ו א ש. יה״אש איז אײנער פֿון די אינטעליגענטעסטע דיכטער, װאָס די יודישע פּאָעזיע פֿערמאָגט, און איז בכלל זעהר אַ גײסטרײכע פּערזענליכקײט. די שװאַכע זײט פֿון זײן פּאָעזיע איז דאָס, װאָס די א י ד ע ע בעהערשט צופֿיעל איהר גאַנצען טעמפּ. יהואש׳ס פּאָעזיע איז ניט קײן פֿרײדענפֿולע טײכעל, װאָס ציהט זיך לוסטיג און פֿרײ צװישען בערג און טהאָלען, און מאַכט משוגע׳נערװײז אומגעריכטע שפּרינג רעכטס און לינקס, אַרױף און אַראָב... עס איז דער גלײכער שטראָם, װאָס ציהט זיך אין שטרענגע ליניען, אונטער אַ שטענדיגער אױפֿזיכט... קײן אונערװאַרטעטע סורפּריזען זאָלט איהר פֿון יהואש׳ס מוזע ניט ערװאַרטען. זי צאָהלט אָבער ערהרליך דאָס, װאָס זי פֿערשפּרעכט. דאָס טהעמאַ װערט שטענדיג אָרענטליך און מיט פֿײנעם געשמאַק בעאַרבײט, און לעזענדיג יהואש׳ן, װעט איהר שטענדיג בערײכערט װערען מיט אינטערעסאַנטע אידעען, מיט געפֿיהלען, װאָס װערען אַזױ שטרענג אױסגעדריקט, אַז זײ בעקומען אױך דעם כאַראַקטער פֿון אידעען. יהואש איז צופֿיעל שטרענג צו זיך, צופֿיעל שטרעבט ער צו פֿאָלקאָמענע שלימות בעװאוסטזיניג. די אמת׳ע שלימות אין קונסט װערט אָבער עררײכט זעהר אָפֿט דוקא דאַן, װען מען מײנט, אַז מען זינדיגט קעגען איהר. אַזאַ טבע האָט זי שױן, די לײכטזיניגע געטין פֿון דער קונסט, װאָס זי בעגנאַדיגט מיט אַ ליעבען שמײכעל דוקא די, װאָס װאַגען איהר טרוץ אַמאָל להכעיס...

יהואש איז צופֿיעל אינטעלעקטואַל. ער האָט צו אַ קלאָרען

מוח, און ווייסט צו ליכטיג דאס, וואס מען ברויך פיהרען;
עס איז אבער א הויך־אינטעליגענטער פערשטאנד און זעהר א ענט־
וויקעלטער גייסט. ער האט אין דער יודישער פאעזיע אריינגעבראכט
פיעל טיעפע וועלט־מאטיווען, געדאנקען און בילדער. אין זיינע
בעסטע ליעדער שפיעגעלט זיך אב דער צייט־גייסט, די טיעפסטע
איבערלעבונגען פון דער יודישער אינטעליגענץ מיט איהרע טרא־
גישע ווידערשפרוכען, איהר שטענדיגע מלחמה ענטקעגען איהר
אונהיילבארע חקרנות־קרענק און איהר שטרעבען צו פרימיטיווע גאנצ־
קייט און פרייהייט, — דאס, וואס פעהלט אזוי שטארק יהאש'ן אליין.
אין יהואש'ן פיהלט זיך שוין די ערשטע הערבסט־מיעדיג־
קייט אין דער נאטור. עס ציטערען שוין די איינזאמע שטענגלעך צווי־
שען ווייסען האלב־פערוועלקטען גראז. עס עפענט זיך אבער אין זיין
פאעזיע פאר'ן אויג די ברייטע אונענדליכע ווייטקייט בעגאסען מיט'ן
שטילען שיין פון די ווייכע, טרויעריגע אווענד־שטראהלען.

---

## V.

שוין אין א טייל פון פרץ'ס און פרוג'ס ליעדער איז צו בע־
מערקען די ערשטע דעמאקראטישע טענדענצען. פרוג בעזינגט מיט
אזא ווארימקייט און רחמנות די נויט פון פאלק, און בענשט מיט
ליעבע „די הענד מיט מאזאל'עס", און ביי פרץ'ן רייסט זיך שוין
דאנאר ארויס א גיפטיג ווארט און דא און דארט גיט שוין א ציטער־
אויף דער גלאנץ פון א נייע פייערל... „ביי דעם פרעמדען חופה־
קלייד" — איינע פון די שענסטע זאכען אין דער יודישער פאעזיע —
איז געוועזען דער ערשטער פלאטער פון א נייער פאהן אויף די בערג
פון דער יודישער ליטעראטור, ארום וועלכער סהאבען זיך אנ־
געהויבען גרופירען די ערשטע פארשטעהער פון דער דעמאקרא־
טישער שולע — פינסקי, רייזין און אנדערע. עס גיבען
זיך אלאז די ערשטע שליחים פון דער יודישער גאס, וואס קומען
אונז דערצעהלען וועגען די גרויסע נויט און פיין פון זייערע ברידער
און שוועסטער. עס איז שוין ניט בלויז קיין פאעטישע מאטיווען —
עס איז דער פערביטערטער טאן פון דעם עלענדען, עס איז דער

ערשטער פראָטעסט־געשריי פון דעם הילפלאָזען, פערשעהמטען, וואָס האָט דערפיהלט דעם אומרעכט, וואָס מען בעגעהט מיט איהם. די ערשטע טענער, די רויהע און שרייענדיגע, האָבען אַריס געטהון דעם אויער, וואָס איז ניט געוועהנט געוועזען צו זיי, און נאָר ערשט שפּעטער — אין די בעסטע ליעדער פון אברהם רייזען און אין וועניגע פון אַנדערע — האָט די בעהאַלטענע יודישע נויט געפונען איהר שענעם האַרציגען אויסדרוק.

אברהם רייזען איז אפשר ניט דער בעגאַבטעסטער, נאָר געוויס דער גאַנצעסטער פאָרשטעהער פון דער גרופּע דעמאָ־קראַטישע אָדער געזעלשאַפטליכע פּאָעטען, וועלכע מיר בעשפּרעכען דאָ. ער האָט מעהר פון אַלע געפיהלט, אַז דער סוד פון אמת׳ע שלימות און גרויסקייט פון יעדען קינסטלער איז — זיין שטענדיג געטריי זיך אַליין. רייזען געפעלט, ווייל ער איז שטענדיג רייזען — ער רייסט זיך קיינמאָל ניט פון זיך, מאַכט קיינמאָל ניט קיין גרעסערען שפּרונג, ווי זיינע קרעפטען ערלויבען, און בלייבט דאַדורך קיינמאָל ניט שטעקען אין דער בלאָטע... רייזענ׳ס פּאָעזיע איז געגליכען צו׳ן אַ שטילען צנוע׳דיגען דאָרף־גאָרטען, וואו יעדעס גרעזעל, יעדער בוימעל גרינט זיך זאַפטיג, בעשיידען, וויל קיינמאָל ניט פערשטעלען די זון און קריכט קיינמאָל ניט אַריבער דעם ניעדריגען גאָרטען־צוים... רייזענ׳ס פּאָעזיע איז ניט קיין בעכער מיט רוישענדיגע געטראַנקען, וואָס צוגיסען זיך שוימענדיג אין אַלע זייטען, וואָס בערוישען אונז און טראָגען אונז איבער אין אַנדערע וועלטען. זי ווייסט ניט פון שענע חלומות און גלויבט ניט אין זיי. דערפאַר איז זי אַזוי איינפאַרביג און לעגט אַזוינע שווערע שטיינער אויפ׳ן האַרץ. עס איז גיט דער פאַנטאַסטישער יאוש, עס זענען ניט קיין מתנות איבערגעהענדיגע, נאַכטליכע קאָשמאַר־בילדער, נאָך וועלכע דער הימעל ווערט ריינער, די ווייטקייט ברייטער און דאָס האַרץ גרינגער. עס איז די נויט אַליין, עס איז דער גרויער פריה־מאָרגען, וואָס קוקט אַריין הורך די בלויע שויבען אָהן טרייסט און אָהן הבטחות. וועה איז אונז, אַז מיר זאָלען ניט היטען אין זיך בעהאַלטען די פערפיהרערישע סודות פון אַנדערע הימלען און אַנדערע ערד. טרויעריג וואָלט געוועזען, ווען מיר זאָלען פערמאָגען נאָר רייזענ׳ס רעאַלע וועלט, ווען ס׳זאָלען ניט פערבלאָנדזשען צו

אונז דורך די שמאלע שפאלטען פון אונזערע ענגע וואהנונגען די איינזאמע שטראהלען, די ווייטע, די רופענדע... רייזענ'ס פאעזיע איז די טרויעריגע שטימונג פון שבת-צו-נאכטס, ווען דער ליעבער שבת-קודש געהט אוועק און עס רוקען זיך אן צוזאמען מיט די וואָכענד-שאטענס די אומעטיגע וואכעדיגע דאגות, ווען דער טאטע שטעהט א בלייכער, א פערטראכטער אין דער בלאסער שיין פון פענסטער, און די זוכסט אומזיסט אין דונקעלען ווינקעל די ווארימע הענד און דעם ליעבען שוים פון דער מאמען, וואס זאל דיך בעשיצען פון דעם, וואס געהט, וואס קומט, פון וועלכען עס איז נישטא וואוהין צו אנטלויפען...

און ווער קאן מיך היילען? נישטא אזא מענש,
נישטא אזא לאנד!
און וואלסט דעם הימעל דערגרייכען געוואלט —
ווי קורץ איז דיין האנד!...

רייזענ'ס הארציגע ליעד איז אונז טייער, ווייל אין איהר פיהלען מיר דעם אמת'ן קרעכץ ניט פון די איינציגע, נאר פון די טויזענדער און צעהנטויזענדער, פון די, אויף וועלכע דאס לעבען האט אוועקגעלעגט איהר שווערע האנד, וועלכע די ארימע וועלט האט פערשטויסט די ריינע אויגען און אויף אייביג פערשטעלט פאר זיי דעם ווייטען, קלארען הימעל. רייזענ'ס ליעד איז אונז טייער דערפאר, ווייל זי איז פראסט און ניט המוניש, אינטים און ניט סענטימענטאל, ווייל זי מאכט ניט קיין אנשטעל, חכמה'ט זיך ניט און וויל ניט בעווייזען קיין קונצען. רייזענ'ס ליעד איז שען, ווייל מיר גלויבען איהר, ווייל זי איז עכט לירִיש — דאס הייסט — זי גיט דעם דיכטערס געפיהלען אין זייער העכסטע מדרגה פון ריינקייט.

מיט די אלע מעלות פון רייזענ'ס פאעזיע צייכענט זיך זעהר זעלטען אוים מאָריס ראָזענפעלד, חאטש אין איינצעלנע ליעדער בעזונדער, אין איינצעלנע שטעלען פון זיי פיהלט זיך מעהר קראפט, מעהר טיעפקייט און טעמפעראמענט, אלס ביי רייזענ'ען. רייזען איז ניט גרעסער פון זיין שאפען. איהר פיהלט, אז ער האט אויסגענוצט זיין טאלאנט בערעכענט, ניט געלאזט פערלירען קיין איין טראפען פון איהם לבטלה. ער האט איהם עקספלאאטירט, אויף

וויפֿיעל עס האָט זיך געלאָזען. מאָריס ראָזענפֿעלד'ס טאַלאַנט פֿיהלט זיך מעהר ברמז, פּאָטענציאָנאַל, ווי אין זיין שאַפֿען. עס איז דער קוואַל, וואָס האָט זיך צוגאָסען אָהן וועגען און אָהן שטעגען, געבענדיג דאָ און דאָרט אַאומגעריכטען, אונערוואַרטעטען גלאַנץ און פֿערלעשענדיג זיך אָפֿט אין סאַמע מיטען ברענען. אין מאָריס ראָזענפֿעלד'ס שאַפֿען איז דאָ צופֿיעל זייטיגע עלעמענטען, וואָס מיר רעכענען שוין היינט גאָר בכלל ניט פֿאַר קיין פּאָעזיע. דאָס ריינע לירישע איז ביי איהם דאָס צופֿעליגע, און דאָס אמת־פּאָעטישע בילד געפֿינט זיך כמעט שטענדיג אין שכנות פֿון עפּיס באַנאַלעס, ריטהאָרישעס, מיט וועלכען ראָזענפֿעלד האָט זיך ליעב מעהר צו קוויקען, ווי מיט זיינע אמת'ע, דאָ און דאָרט צעוואָרפֿענע, לירישע שטריכען. די פֿעליעטאָנישע חכמות, אָדער פּראָסטער — דאָס בדחנ'ישע — פֿון איין זייט און די גראָשען־עפֿעקטען און האַלב־אינטעליגענטע שפּראַך־אויסדריקע פֿון דער צווייטער, פֿערדונקלען דעם אמת־לירישען טאַלאַנט, וואָס מאָריס ראָזענפֿעלד פֿערמאָגט אָהן אַ שום ספק. ראָזענפֿעלד'ן פֿעהלט דאָס וויכטיגסטע פֿאַר'ן קינסטלער — די האַרמאָניע צווישען אינהאַלט און דער פֿאָרם: ער פֿערמאָגט ניט פֿאַר דאָס פּרימיטיווע דעם פּרימיטיווען אויסדרוק און האָט ליעב אָנצורופֿען מיט'ן נאָמען אַזוינע געפֿיהלען, וואָס האָבען קיין נאָמען ניט, פֿון וועלכע דער דיכטער קאָן נאָר אַ אָבקלאַנג שאַפֿען. מיר שעטצען ראָזענפֿעלד'ן פֿאַר זיינע איינציגע זאַכען, פֿאַר איינציגע שורות זאָגאַר, וואָס גיבען פּלוצים אַ לייכט־אויף, ווי שטערען, אין זיינע לידער. מיר פֿיהלען אומעטום דעם דיכטער, דעם דיכטער, וועמען ס'איז ניט בעשערט געווען זיך אין גאַנצען צו בעפֿרייען פֿון דעם המונ'ישען וויר־וואַר, פֿון דעם אַלטעגליכען מיש־מאַש פֿונ'ם אַרומיגען לעבען, נאָר וועמען ס'האָט געגליקט העכער פֿון אַנדערע אויפֿצוהויבען זיין שטים און דערצעהלען וועגען די טרויעריגע נויט פֿון די, צווישען וועלכע ער האָט געלעבט, געליטען און געזונגען זיינע שענע, וואַרימע לידער.

די סימפּאַטישע פּערזענליכקייט פֿון מ. ווינטשעווסקי איז אונז דאָ מעהר בעוואוסט פֿון זיינע אַרטיקלען און טעטיגקייט בכלל, ווי פֿון זיינע לידער. אפשר האָט ער אויך, ווי פֿיעלע אַנדערע געזעלשאַפֿטליכע דיכטער, ניט פֿערשטאַנען, אַז יעדע אמת'ע קונסט

בעפֿרייט דעם מענשענ׳ס גייסט, ווען אַפֿילו מען זאָגט דאָס ניט אַרויס אַלע מאָל בפֿירוש, אַז פֿערקעהרט — וואָס אונבעוואוסטזיניגער דער מענש דערפֿיהלט די שענהייט פֿון פֿרייען דענקען און פֿרייען לעבען, אַלץ טיעפֿער און שטאַרקער וואַקסט זיין שטרעבען דערצו. מיר גלויבען איהם אָבער, ווען ער זאָגט:

אָפֿט האָט מיך די זאָרג געקוועסט,
אָפֿט געבלוטעט האָט מיין ברוסט;
כ׳האָב עס קיינעם ניט ערצעהלט,
און די וואונד האָט זיך פֿערהיילט.

ווי אַ ליכט טהורם וועל איך זיין
אין דער וועלט פֿון שמערץ און פּיין,
לייכטענדיג דורך שטורם און נאַכט
ביז דער מיעדער מענש ערוואַכט.

ווייניג בעקאַנט איז ביי אונז אין רוסלאַנד אויך אַברהם וואַלט (א. ליעסין), וואָס האָט אָנגעהויבען שרייבען אין „יוד" און האָט נאָכדעם אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקאַ, וואו ער האָט פֿיעל געאַרבייט אַלס פּובליציסט און זיך בעשעפֿטיגט מיט געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגען. איינינע פֿון זיינע רעוואָלוציאָנערע ליעדער און פּאָעמען זענען ביי אונז אויך בעקאַנט און אויף דעם סמך ווערט ער אויך פֿערערכענט צווישען די געזעלשאַפֿטליכע דיכטער. נאָר פֿון די ווייניגע ליעדער, וואָס איך געדענק פֿון איהם, בין איך גיכער געניוגט צו זעהען אין איהם פֿריהער פֿון אַלץ דעם ריינעם, צאַרטען ליריקער, און נאָר אין די ליעדער פֿון דעם מין פֿיהלט זיך אַ ווירקליכער טאַלאַנט. זיינע רעוואָלוציאָנערע און געזעלשאַפֿטליכע ליעדער מאַכען ניט אַזאַ טיעפֿען רושם.

VI.

די ווייניגע יודישע ליעדער פֿון ח. נ. ביאַליק זענען מעהרסטענטייל געשריבען אין פֿאָלקסטימליכען טאָן. איינע פֿון זיינע ערשטע יודישע ליעדער אין „יוד" הויבט זיך אָן: „אויפֿ׳ן הויכען באַרג און אויפֿ׳ן גרינעם גראָז", און זיינע שפּעטערדיגע ליעדער

„גרינס“, „פריהלינג“ זענען אויך אין גייסט פֿון די יודישע פֿאָלקסלידער. אַז ביאַליק׳ן האָט שטענדיג געצויגען צום פּראָסטען אינטימען וואָרט, ניט קוקענדיג אויף זיין העלפֿאַרביגען העברעאישען סטיל, בעווייזען איינינגע פּאָעטישע פּראָבען זיינע אין דעם זינן, וואָס זענען געשריבען געוואָרען נאָך מיט אַ סך יאָהרען פֿריהער, איידער ער האָט אונז געגעבען זיינע עהרליכע „משירי־עם“. נאָך צוריק מיט אַ יאָהר צוועלף איז אין איינעם פֿון די לוחות „אחיאסף“ געדרוקט געוועזען זיין מאָנאָלאָג „תקות עני“, וועלכער — מיר מוזען זיך מודה זיין — האָט אונז דעמאָלט געקלונגען זעהר פֿרעמד.

די זאַך איז אונז געפֿעלען מיט איהר אייגענאַרטיגען סטיל, מיט איהר פּשטות, מיט די געוועהנליכע ווערטער, אין וועלכע ס׳האָט דאָך געפֿלאָסען וואַרימעס בלוט. עס איז אָבער געוועזען אַ אונבעקאַנטער ריין, צו וועלכען מיר זענען ניט געוועהנט געוועזען, און מיר האָבען זיך אַליין ניט געגלויבט. די זאַך האָט גענומען דאָס האַרץ, — די שפּראַך איז אָבער געוועזען צופֿיעל אָהן קונצען, און דער גאַנצער ענין צופֿיעל געוועהנליך... מיר האָבען דעמאָלט ניט געפֿיהלט, וויפֿיעל הויכע קונסט עס ליעגט אין פּראָסטען וואָרט, וויפֿיעל טרויעריגע שענקייט עס ליעגט אין דעם האַרציגען הומאָר, מיט וועלכען עס ווערט דערצעהלט די מעשה מיט׳ן אָרימען מלמד, וואָס האָט אַ נדר געטהון ניט קומען אַהיים צו דער פֿרוי און קינדער, נאָך וועלכע עס בענקט אַזוי דאָס האַרץ, ביז ער וועט ניט האָבען די „ת״ק במזומנים“, זיינע טרוימעריש פֿאָרשטעלונגען, ווען ער וועט קומען אַהיים, בשעת אין דער לינקער זייט שטעכט שוין, ווי מיט נאָדלען און דער גאַנצער גוף איז שוין דאַר ווי אַ שפּענדעל...

עס האָט אונז אויסגעוויזען צופֿיעל פֿעליעטאָניש, און אין פֿערגלייך מיט זיינע אַנדערע ווערק האָט מען „תקות עני“ זעהר וועניג געשעצט. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז זאָגאַר געוועזען אַ פֿראַגע, צי זאָל די זאַך אַריינגעהן אין דער צווייטער אויסגאַבע פֿון זיינע שירים. אַזוי איינזאָם איז די זאַך געשטאַנען צווישען ביאַליק׳ס איבעריגע געשליפֿענע, בלאַנקענדע שירים, אַז מ׳האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס צו טהון מיט איהר, פּונקט ווי מיט אַ אָרימען קרוב צווישען רייכע געפּוצטע געסט... אונטער אַ צווייטער פּראָבע אַזעלכער („מי יודע עיר לישטין?“), וואָס איז נאָכדעם געדרוקט געוועזען

אין ערשטען „הדור", האט ביאליק זאגאר זיין נאמען ניט אונטערגעשריבען: מיט אזוינע ציטריגע טריט האט זיך אריינגעגנבעט דער פאלקסטימליכער טאן אין דער העברעאישער ליטעראטור.

ביאליק'ן איז אבער, קענטיג, אפטמאל געווארען קיהל אין די שטרענג־געפוצטע זאלען פון זיין פאעזיע. עס האט זיך געוואלט אמאל אויסגלייכען די קנייטשען פון שטערן, אוועקלאזען א ווילע די שפראך פון די הויכע בערג, און א רעד־טהון שטיל, גלאטען, ב ר י ד ע ר ל י ך... חאטש מען טראגט אויפ'ן שטערן דעם דארנקראנץ פון א נביא, איז מען אויך ניט מעהר, ווי א זינדיגער מענש, און עס ווילט זיך אמאל א ביסעל א שטיף טהון, אלאך טהון מיט א פראסטען, היימישען געלעכטער. די העברעאישע שפראך איז נאך אבער געווען צו י ו ם־ט ו ב'ד י ג דערצו. עס האט עפיס ניט הארמאנירט, מען זאל אויף איהר אזעלכע וואכענדיגע מאטיווען זינגען, און ניט אזוי גיך האט זי זיך געלאזט, מען זאל מיט איהר קאטאוועס שפיעלען. דער העברעאישער שריפטשטעלער איז געוועהנט געווען נאך פון דער מליצה־עפאכע צו שרייבען וועגען אלצדינג נעהמענדיג דעם טאן פון דער העכסטער אקטאווע. און אז ביאליק האט דעמאלט געוואלט נעהמען א טאן נידריגער האט ער געשריבען יודיש. ערשט אין די לעצטע יאהרען, ווען די העברעאישע שפראך איז, א דאנק די סטיל־עלעמענטען פון משנה, מדרש און דער חסידישער ליטעראטור, געווארען אזוי נאטירליך און געקראגען די מעגליכקייט צו אויסדריקען פאלקסטימליכע מאטיווען, האט ביאליק נאך אין ערשטען גלענצענדען „בין נהר פרת ונהר חדקל" זיכער און שטאלץ אריינגעפיהרט אין דער העברעאישער פאעזיע א גאנצע רייהע פון פאלקסטימליכע מאטיווען, וואס זענען מיט אזא פרייהד אויפגענומען געווארען פון אלע.

זעהר ווייניג האט ביאליק אין יודישען געגעבען — אין פערגלייך מיט זיין העברעאישען שאפען. זיין ריעזיגען פאעטישען גייסט האט געצויגען די קרעפטיגע זון־בעגאסענע ביבעל־שפראך, וואס נאר אין איהר האט זיך געקאנט ארויסרייסען דער געוואלטיגער געשריי און פערביטערטקייט אויף א פאלק, וואס איז אזוי נידריג געפאלען. איז ער אבער אין העברעאישען דער גרעסטער מוכיח

פֿון פֿאָלק, איז ער דערפֿאַר אין יודישען אַ ליעבליכער טריסטער, אַ באַרמהערציגער ברודער, וואָס ווייסט גוט זיין לעבען און פֿערשטעהט, פֿאַר וואָס ער איז אַזוי געפֿאַלען. „דאָס לעצטע וואָרט“, וואו די ביטערע קללה רייסט זיך מיט אַ שטורמדיגען פּאַטהאָס, איז דאָך אייגענטליך אַ ביבלישער מאָטיוו, און די שפּראַך שפּיעלט אין דעם אַ קליינע ראָליע. אין קיין שפּראַך אָבער, אויסער די יודישע, האָבען ניט געקאָנט געפֿינען זייער אויסדרוק אַזוינע האַרציג-אינטימע פֿערזען, ווי:

אוי, מיר זאָל זיין, יודישע קינדערלעך,
פֿאַר אייערע כשרע אויגעלעך...

אַזוינע שטעלען אין דער פּאָעזיע פֿון יענע אינזערע פּאָעטען, וואָס שרייבען אי העבּרעאיש, אי יודיש, בעווייזען, ווי נאַריש און איבערפֿלעכליך עס איז דאָס, וואָס איינינגע מיינען, אַז מען געהט צו בכונה צו שרייבען העבּרעאיש אָדער יודיש. מען שרייבט אויף דער שפּראַך, אין וועלכער דער געדאַנק אָדער דאָס געפֿיהל געפֿינען זייער שענסטען, זייער פּאַסענדסטען אויסדרוק. און אויך ביאַליק האָט זיינע וועניגע יודישע ליעדער געשריבען, ווייל לויט זייערע מאָטיווען האָבען זיי געמוזט געשריבען ווערען יודיש. וואָלט ער זיי אין העבּרעאישען געשריבען, וואָלטען דאָס געווים געווען גאַנץ אַנדערע ליעדער, ווייל די שפּראַך וואָלט אַרויפֿגעלעגט אויף זיי איהר חותם.

די העבּרעאישע און די יודישע פּאָעזיע זענען אין ליטעראַטור מיט פֿערשידענע ניואַנסען. ניט נאָר זיי דערפֿילען איינע די אַנדערע, נאָר זיי האָבען אַ געוואַלדיגע השפּעה איינע אויף די צווייטע. מענדעלי וואָלט ניט געווען געשאַפֿען זיין רייכען סינטעטישען העבּרעאישען סטיל, ווען ער זאָל פֿריהער ניט געווען שרייבען יודיש, וואָס דאָס האָט איהם געווים געבראַכט צום געדאַנק, אַז צו שרייבען אין אַ נאַטירליכער העבּרעאישער שפּראַך מוז מען אויסגראָבען אַלע ווערטער און אויסדריקען פֿון אַלע העבּרעאישע סטילען פֿון פֿערשידענע צייטען — משנה, אגדה, מדרש, חקירה, פּיוט, — וואו עס איז נאָר ערגיץ דאָ אַ וואָרט, וואָס האָט נאָך אין זיך חיות, אינטימליכקייט, פּראָסטקייט, לעבעדיגען הומאָר און

ה. ג. — אנדערש וואלט אויך פרץ ניט געקומען צו זיין פרימיטיווען חסידיש-העברעאישען סטיל, און ביאליק — צו זיין פארביגען, בויגיגען, הומאריסטישען סטיל מיטן ווייכען קלאנג, אין וועלכען ס׳זענען געשריבען געווארען די אונשטערבליכע „משירי-עם“.

---

## VII.

נייערע טענער לאזען זיך הערען אין דער יונגער יודישער ליריק. עס פיהלט זיך שטארק דער איינפלוס פון דער מאדערנער אלגעמיינער פאעזיע. מעהר פון אלץ, געוועהנליך — פון דער רוסישער. דאס מאכט די קלענערע טאלענטען צומאל זעהר אבשטויסענד. דאס פרעמדע ווערט ביי זיי ניט „בטל בששים“ פון אייגענעם, און שרייט ארויס פון יעדע שורה מיט קולי-קולות: איך בין א גר...

עס פיהלט זיך, אז די יונגע יודישע ליריק האט געמאכט צו א גרויסען שפרונג אין איהר ענטוויקלונגס-גאנג. די יודישע ליטעראטור איז נאך זעהר יונג, כדי זיך שוין צו ערלויבען אזא לוקסוס, ווי די מאדערן-פאעזיע. זי האט נאך גענוג היימישע ווינקעלעך און מעלאדיען ניט געזונגענע, אום שוין צו זוכען און צו גריבלען זיך אין מאטיווען פון „מחוץ לתחום“. צוליעב דעם מוז זי צו אפט אנקומען נאך א גמילות-חסד ביי די פרעמדע שפראכען, און דאס ווירקט שעדליך אויף איהר נאטירליכער ענטוויקלונג.

גרעסערע טאלענטען זענען דאס גובר. די יונגע יודישע ליריק האט אבער — א חוץ איינציגע אויסשליסע — זעהר וועניג קרעפטיגע טאלענטען, און בילדעט נאך דערווייל ניט קיין פאלשטענדיגע אייגענע פיזיאנאמיע. איהר געפינט אין דער יונגער יודישער ליריק פיעל שענע, זאגאר שטארקע זאכען; זיי שטעהען אבער אלע איינזאם, אבגעריסען: דאס אלגעמיינע אין זיי איז נאך ניט פילטרירט דורכ׳ן נאציאנאלען גייסט און שוואך איינגעוועבט אין אונזער איצטיגען לעבענס-געוועב.

עס הייסט ניט, אז דאס פרעמדע איז דא שולדיג. וועלכע איצטיגע ליטעראטור, זאגאר ביי פעלקער, וואס לעבען א נאטירליכען נאציאנאלען לעבען, קאן זיך בערימען, אז איהר ליטעראטור איז אויסגעוואקסען נאר אויף אייגענעם נאציאנאלען באדען? און עס איז נאך א גרויסע פראגע, צי איז דא מיט וואס זיך בערימען. אויך ניט דער מאדערניזם שאדט דא אממעהרסטען. דאס פרעמדע דארף אבער אויפהערען זיין פרעמד, עס דארף ניט מאכען קיין רושם פון פרעמדס, — און אזוי איז עס ווירקליך ביי גרעסערע טאלענטען. דאס אמת־איבערגעלעבטע שאפט ממילא איהר אייגענארטיגען, איהר נאציאנאלען טאן, ווען עס איז זאגאר אונטער פרעמדען איינפלוס געשאפען, און צו מאדערניזם דארף מען דערוואקסען, אונזערע מאדערניסטען פערמאגען אבער מעהרסטענטייל זעהר וועניג אינטעליגענץ. דערפאר איז זייער פאעזיע אוננאטירליך; זי קוועלט ניט פון אינניגסטע נויטווענדיגקייט.

אין די לעצטע יאהרען האבען זיך ביי אונז אויסגעטהון א גאנצע מחנה פון יונגע יודישע פאעטען. אייניגע פון זיי זענען געוויס בעגאבט, נאר זיי זענען אבער נאך ניט פריי. זיי זענען צו שוואך, צו וועניג דרייסט ניט נאר נייע פארמען צו שאפען, לאז זיין חאטש געקינסטעלטע, נאר אפילו פראסט און נאטירליך זייערע געפיהלען אויסדריקען, זייערע בילדער צו מאלען. זיי פיהלען ניט, וויפיעל קראפט, וויפיעל טאלאנט מען דארף בעזיצען, כדי צו שרייבען פראסט און נאטירליך.

איך וויל דא ניט געבען קיין גאנצע תאראקטעריסטיק פון אונזער יונגער יודישער ליריק. מיין ארבייט איז א היסטארישע איבערזיכט, און האט צו טהון מעהרער מיט די ענטוויקלונגס־עטאפען פון דער יודישער ליריק. די יונגע יודישע ליריק האט אבער נאך ניט איהר בעשטימטע פיזיאנאמיע. פיעל פון די דיכטער, וואס געהען נאך איצט מיט וואקלענדע טריט, קאנען נאך שפעטער מאכען דעם ריעזיגסטען שפרונג אין זייער ענטוויקלונג. די יונגע יודישע ליריק איז א נייע פאזע אין איהר אלגעמיינע ענטוויקלונג, און עס איז קיין חדוש ניט, אויב עס זענען נאך איהרע וועגען פערנעבעלט און איהרע האריזאנטען מטושטש.

צוליעב דעם טעם וועל איך זיך אויך ניט אבשטעלען געננו אפילו אויף די וועניגע אמת-בעגאבטע דיכטער פון די יונגע, ווי שניאור, איינהארן און איניגע אנדערע. ניט דא איז דאס ארט דערפון.

אויף וויפיעל די יונגע יודישע ליריק פערמאגט ליעבע און אויפמערקזאמקייט, וועלען אונז ווייזען די שענע מוסטערן, וואס מיר גיבען אין אונזער בוך פון אלע אונזערע יונגע דיכטער, די ווערק, פון וועלכע מיר האבען געקאנט אויסוועלען — פון די, נאטירליך, ביי וועלכע מיר האבען געקאנט געפינען אזוינס, וואס מיר האבען אנערקענט פאר פאעזיע.

**יעקב פיכמאן.**



# I. רעליגיעז־נאציאנאלע און היסטארישע ליעדער.

### 1.

איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה,
די מעשה איז זעהר פרעהליך:
די מעשה הויבט זיך אן מיט
מיט א יודישען מלך.
דער יודישער מלך האט געהאט א בת־יחידה,
דאס מיינט מען אונזער תורה.
כל אלפים שנה, אלע טויזענד יאהר
איז דער מלך געפאהרען
מיט איהר א שידוך טאן.
איז ער געקומען צו דער אומה פריצים,
האבען זיי איהם געענטפערט פאלשע תירוצים.
אויף די פאלשע תירוצים
האט דער בורא אנגעהויבען צו זידען;
איז געקומען אליהו הנביא,
האט די תורה נאריעט די יודען.
די תורה איז די יודען זעהר געפעלען, —
אין דריי טעג ארום די חופה צו שטעלען.

### 2.

אויף'ן הויכען גארן,
אויפ'ן גרינעם צווייג,
לאז איך זיך אראביעט
צו מיין ליעבסטען ווייב.
פישעלעך אין וואסער
זעהר פיעל;
איטליכס מלך
האט זיין שפיעל.
שפיעלען און טאנצען
און לויבען גאט;
גאט האט בעשאפען
חוה'ן אויף דער וועלט

חוה איז געגאַנגען
דאָס גערטעלע אויפשליסען,
האָט זי דערזעהען
אַנ'עפּעלע אַ זיסען.

ווי זי האָט געטאָן
דעם ערשטען ביס,
אַזוי האָט זי פערשטאַנען,
ווי נאַקעט זי איז.

———

### .3

שנירעלע, פּערעלע, גילדערנע פאָהן,
משיח בן דוד זיצט אויבען־אָן,
אין גאָלדה און אין זילבער אָנגעטאָן.
האַלט ער אַ בעכער אין דער רעכטער האַנד,
מאַכט ער אַ ברכה איבער גאָר דעם לאַנד.
אָמן, ואָמן, דאָס איז וואָהר:
משיח וועט קומען היינט גען יאָהר.
וועט ער קומען צו רייטען,
וועלען מיר האָבען גוטע צייטען;
וועט ער קומען צו פאָהרען,
וועלען מיר האָבען גוטע יאָהרען;
וועט ער קומען צו געהן,
וועלען אַלע מתים אויפשטעהן.

———

### .4

אין מיטען וועג שטעהט אַ בוים,
שטעהט ער איינגעבויגען;
פאָהרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
מיט פערוויינטע אויגען.
גאָט, גאָט, ליעבער גאָט!
לאָמיר דאַווענען מנחה, —
אַז מיר'ן פאָהרען קיין ארץ־ישראל,
וועט זיין אַ גרויסע שמחה!

## .5

איך קוק אויף ירושלים ביי מערב-וואנד,
איך זעה דארט מיינע קינדער, ווי קויל שווארץ,
מען שפארט-אן דעם קאפ אויף דער דארער האנד,
מען ' אכצט, מען קרעכצט, עס קלעמט דאס הארץ.
ניטא אין ירושלים קיין בוים, קיין שטיין,
וואס זאל ניט זיין נאס פון מיינע קינדערס געוויין!

---

## .6

ברוך אלהינו, אונזער גוטער פריינה!
שבת-קודש איז דאך ביי אונז היינט.
שבת האט דאך אפנים פון יענער וועלט,
שבת טאר מען ניט האלטען פייער און געלד.

שבת אין הימעל איז פייער פיעל,
האבען די מלאכים זייער שפיעל:
טאנצען און שפרינגען און לויבען גאט,
וואס ער האט בעשאפען אונזער געבאט.

---

## .7

גוט פורים, גוט פורים, מיינע ליעבע לייט!
ווייסט איהר וואס דער פורים בעטייט?
דער פורים בעטייט קרעפלעך צו עסען,
און אן מיר ניט צו פערגעסען!

— אך, אדוני קעניג, געטרייער קעניג,
איך קום בעטען און רעדען,
אז דו זאלסט מיך פון די יודען אבשיידען!

—אַך, אדוני קעניג, געטרייער קעניג,
איך קום רעדען און בעטען,
אַז דו זאָלסט אונז פון המן הרשע רעטען!

———

.8

טרערען גיסען זיך אין די גאַסען,
אין קינדערשען בלוט קען מען זיך וואַשען.
גוואַלד, וואָס איז דאָס פאַר אַ קלאָג, —
צי דען וועט קיינמאָל ניט ווערען טאָג?

קליינע עופעליך רייסט מען פון חדר,
מען טוט זיי אָן יונישע קליידער.
אונזערע פרנסים, אונזערע רבנים,
העלפען נאָך אָבצוגעבען זיי פאַר יונים.

ביי זושע ראַקאָווער זענען דאָ זיבען בנים,
איז פון זיי ניט איינער אין יונים;
נאָר לאה דער אַלמנה'ס איינציגעס קינד,
איז אַ כפרה פאַר קהל'שע זינד.

עס איז אַ מציאה אָבצוגעבען פראָסטאַקעס,
שוסטער, שניידער, זענען דאָך ליידאַקעס;
קרעציגע חייציקלעך פון אַ משפחה אַ שענע,
טאָר ביי אונז ניט אָוועקגעהן ניט איינער.

———

.9

דאָס האַרץ, דאָס האַרץ שרעקט אין מיר,
מען קלאַפט מיר אָן האַסטיג אין טיר,
עס געהען אַריין חיל
מיט הוילע דעגען

און מיט די שפיזען מיר אנטקעגען.
און איך וויים ניט, וואס און ווען;
וואס בעטייט דאס,
פערשטעהן ניט קען.
איך ריכט זיך, איך ריכט זיך
אויף דאס געוויכע, —
מען וועט מיך נעהמען
געווים אין תפיסה!
דאס הארץ זאגט מיר אליין:
גיב א קוק דרויסען, וואס טוט שטעהן.
קאנאוואיען מיט די שווערדען
און זשאנדארמען אויף די פערדען
מען פיהרט מיך ארויס פון טיר,
דער גלח שטעהט קעגען מיר.
פרעג איך איהם, מיט מיר וואס מען טוט,
זאגט ער: „מיט דיר איז גרייליך ניט גוט!"
מען ברייננט מיך אין מארק צופיהרען
און מען שטעלט מיך צווישען אפיצירען.
מען לייענט מיר מיין דעקרעט —,
אוי, א סוף פון מיין חטא!
ווילנא, ווילנא, קלאג צו מיין קלאג,
איך זעה דאך דיך דעם לעצטען טאג!
זעהט, זעהט, א העלד, א גבר, —
מען גיט א קלאפ: טאר־טאר־טאר!
דאס הארץ צוגעהט, דאס בלוט צומישט,
נאכאמאל — מען שיסט, מען שיסט!
מען ברייננט מיך צו פיהרען צום ווייסען סלופ,
ערשט אין קבר, פאר א טרופ.
א טויטען־העמד פארגעשטעלט, —
דאס איז דיין העמד פון יענער וועלט!
דאס איז דיין קלייד, דאס איז דיין שטוב,
דאס איז דיין פינסטערע גרוב!

❋ ❋ ❋

## II. וויעג־ליעדער און קינדער־ליעדער.

### 1.

אונטער דעם קינדס וויעגעלע
שטעהט א גילדען ציגעלע.
דאס ציגעלע איז געפאהרען האנדלען
ראזינקעס מיט מאנדלען —
דאס איז די בעסטע סחורה.
דאס קינד וועט לערנען תורה;
פלעצעליך מיט פוטער וועט'ן איהם שמירען,
אין חדר אריין וועט מען איהם פיהרען.
ספרים וועט ער שרייבען,
א גוטער און א פרומער יוד
וועט ער, אם ירצה השם, בלייבען.
שלאף מיין קינד,
פריש און געזונד:
א שלאף אויף דיר א גוטער,
ווי פארטאג אויף דעם היטער!

### 2.

אליע־ליוליע שלאף
מיין ליבעס קינד!
מאך זשע צו די אייגעליך
און שטעה אויף געזונד!
מאך זיי צו
און מאך זיי אפען,
געזונטינקערהייד
זאלסטו שלאפען!

דיינע יונגע יאהרעליך
בין איך־דיר מקנא,
וועסט דאך זיין א גרויסינקער,
וועסט דאך זיין א תנא;
און וועסט דיינע עלטערן
בעצירען און בעשיינען, —
פאסט דאך ניט פאר דיר,
זאלסט פיעשטשען זיך און וויינען.

פיעשטשעסט זיך און וויינסט
און שלאפעןווילסטו ניט;
מאכסט דאך אן דיין מוטער
שמערצען מיט דערמיט.
זינגען און וויעגען
איז דיין גאנצער גרונד;
שלאף זשע מיין קינד,
שלאף זשע געזונד!

די באבעס מיט די זיידעס
טוען אין דרויסען זיצען,
מיט די ברייטע שווערדען,
מיט די לאנגע שפיצען—
א יונגעלע, וואס האט זיך
ווײנענדיג געפונען,—
האבען זיי געחאפט,
און ארײנגעווארפען אין ברונען.

---

### 3.

דאס קינד ליעגט אין וויעגעלע מיט אויסגעוויינטע אויגען,
די מאמע ליעגט אויף דר ערד, די פיס אויסגעצויגען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

דאס קינד ליעגט אין וויעגעלע און חלשט זויגען,
די מאמע ליעגט אין קבר מיט שארבענס אויף די אויגען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, גלעטען און קאמען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאס וויעגעלע אויסראמען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און גלעטען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאס וויעגעלע אויסבעטען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און ציערען,
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אריין פיהרען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

זער וועט דיך, מיין קינד, מאכען פאר א מענשען,
און ווער וועט דיך, מיין קינד, אונטער דער חופה בענשען?
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

כ'בין אויסגעגאנגען אין אלע אפטייקען,
כ'האב געמיינט — דער מלאך המות וועט ניט קומען די
מאמען טויטען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

כ'בין אויסגעפאהרען אויף אלע שיפען איבער אלע ימים,
כ'האב געמיינט—כ'וועל קריגען קויפען פאר'ן יתומ'ל א מאמען.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

אין דעם יתומים וויעגעלע האט זיך ארייגעכאפט א פייער,
ווי אויפ'ן פרייען פעלד און די שטרוי פון א שייער.
ניטא קיין מאמע,
ניטא קיין נחמה!

———

.4

אמאל איז געווען א מעשה,
די מעשה איז גאר ניט פרעהליך;
די מעשה הויבט זיך אניעט
מיט א יודישען מלך.
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האב אנגעוואהרען אזא ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

אמאל איז געווען א מלך,
דער מלך האט געהאט א מלכה,
די מלכה האט געהאט א וויינגארטען, —
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דער ווייגגאָרטען האָט געהאַט אַ בוים,
דער בוים האָט געהאַט אַ צווייג,
דער צווייג האָט געהאַט אַ נעסטעלע, —
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דאָס נעסט האָט געהאַט אַ פייגעלע,
דאָס פייגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע,
דאָס פליגעלע האָט געהאַט אַ פעדערל. —
ליולינקע, מיין קינד!

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דער מלך איז אָבגעשטאָרבען,
די מלכה — געוואָרען פערדאָרבען,
דער צווייג איז אָבגעבראָכען,
דאָס פייגעלע אַנטלאָפען...

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

וואו נעהמט מען אַזאַ לייטער
פון טויזענדער מיילען?
וואו נעהמט מען אַזאַ מענשען,
וואָס זאָל קענען די שטערן צעהלען?

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
וואו נעהמט מען אזא דאָקטאָר,
צו היילען מיר מיין וואונד?

———

.5

אויפ׳ן הויכען בארג,
אויפ׳ן גרינעם גראָז,
שטעהען אַ פּאָר טייטשען
מיט די לאַנגע בייטשען;
הויכע מענער זענען זיי,
קורצע קליידער טראָגען זיי,
צעהן טאָלער פערמאָגען זיי.
פייגען אין די טאַשען,
מעד אין די פלאַשען,
ביער אין די קריגעליך,
קינדער אין די וויעגעליך.
זיי שרייען ווי די ציגעלעך.
קומט חיים דער בלינדער
מיט די צוועלף קינדער;
קומט משה פלעכטער,
מאַכט אָן אַ געלעכטער;
אוי, חאַ-חאַ-חאַ, אוי, חי-הי-חי!
קומט דער טאַטע פון נית הי,
ער ברענגט מילך פון די קיה, —
ווער וועט טרינקען? איך און ער,
שוויגער און שווער,
אברהם דער הויכער,
יודעל דער מוחר.
פידעל די קאַץ, פידעל די מויז, —
די מעשה איז אויס!

———

## 6.

זיצען, זיצען זיעבען ווייבער

ביים קוואל און ברונען,
ביים קוואל און ברונען;
שפראכט איינע צו דער אנדערער:
–וואלט מיין מאן געקומען,
וואלט איך זיך פערשטעלט
פאר א האז!
וואלט איך געשפרונגען
איבערן גראז,
וואלט מיר וואויל בעקומען,
וואלט מיר וואויל בעקומען!

זיצען, זיצען זיעבען ווייבער א. ז. וו.

... וואלט איך זיך פערשטעלט
פאר א קאץ!
וואלט איך געשפרונגען
איבערן פלאץ,
וואלט מיר וואויל בעקומען! (bis)

זיצען, זיצען זיעבען ווייבער א. ז. וו
... וואלט איך זיך פערשטעלט
פאר א מויז!
וואלט איך געשפרונגען
איבערן הויז,
וואלט מיר וואויל בעקומען! (bis)

זיצען, זיצען זיעבען ווייבער א. ז. וו.

... וואלט איך זיך פערשטעלט
פאר א בער!
וואלט איך געשפרונגען
הין און הער,
וואלט מיר וואויל בעקומען! (bis)

זיצען, זיצען זיעבען ווייבער א. ז. וו.

... וואלט איך זיך פערשטעלט
פאר א ביהן!
וואלט איך געפלויגען
אהער און אהין,
וואלט מיר וואויל בעקומען! (bis)



# III. ליעבעס־ליעדער.

### 1.

מײַן זיס לעבען פֿאָהרט אַװעק,
און איך בלײַב אַלײן;
װען איך דערמאָהן זיך אָן מײַן זיס לעבען,
זיץ איך נאָר און װײן.

מײַן זיס לעבען אַװעקגעפֿאָהרען,
און איך בין אַלײן געבליבען;
װאָלט איך װיסען, װאו ער איז,
װאָלט איך איהם אַ בריװעל געשריבען.

װאָלט איך געװען אַ פֿײגעלע,
װאָלט איך צו איהם געפֿלויגען,
ניחײַ װאָלט ער אויך געזעהן
מײַנע פֿערװײנטע אויגען!

װאָלט איך געװען אַ פֿישעלע,
װאָלט איך צו איהם געשװאומען;
אַז ער װאָלט װיסען מײַן ביטער האַרץ,
װאָלט ער צו מיר געקומען.

— אוי, איהר װעגס־לײַט, איהר װעגס־לײַט,
װי װערט איהר ניט מיד אויף די פֿיס?
מאָמער װעט איהר דערזעהן מײַן זיס לעבען,
גיט איהם אָב פֿון מיר אַ גרוס!

האָבען זיך די װעגס־לײַט צולאָזען לויפֿען
אין אַלע פֿיער זײַטען:
האָבען זײ דערזעהן, אַז איהר זיס לעבען
שטעהט זיך גאָר פֿון װײַטען.

— אוי, דו מענש, דו נאַרישער מענש,
וואָס שטעהסטו אַזוי פֿערטראַכט?
געה צו אַ ביסעלע נעהענטער,
מיר האָבען דיר אַ בשורה געבראַכט!

ווי ער האָט גענומען נעהענטער קומען,
האָט ער זיך בעגאָסען מיט טרערען:
— לאָזט געריסען מיין זיס לעבען,
אַז איך וועל זיך צוריק ניט קעהרען!

— אוי, איהר וועגס־לייט, איהר וועגס־לייט,
ווי ווערט איהר ניט מיד אויף די פֿיס?
טאָמער וועט איהר דערזעהן מיין זיס לעבען,
גיט איהר אָב פֿון מיר אַ גערים!

האָבען זיך די וועגס־לייט צולאָזען לויפֿען
אין אַלע פֿיער זייטען;
האָבען זיי דערזעהן, אַז זיין זיס לעבען
שטעהט דאָך גאָר פֿון ווייטען.

— אוי, דו מענש, דו נאַרישער מענש,
וואָס שטעהסטו אַזוי פֿערטראַכט?
געה צו אַ ביסעלע נעהנטער,
מיר האָבען דיר אַ בשורה געבראַכט!

ווי זי האָט גענימען נעהנטער קומען,
האָט זי זיך בעגאָסען מיט טרעהרען:
— דיר לאָזט געריסען דיין זיס לעבען,
אַז ער וועט זיך שוין צוריק ניט קעהרען!

נעהם זשע אַראָב דיין קרוין פֿון קאָפּ
אין דיין פֿרייד פֿון הארצען;
ער לאָזט דיך געריסען, דיין זיס לעבען,
אַז דו קענסט זיך אָנטאָן אין שוואַרצען!

———

## 2.

קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדען טיר:
— מיין זיס לעבען, עפען מיר!
— קלאַפּען, קלאַפּען זאָלסטו ניט,
עפענען וועל איך דיר אַודאַי ניט!
— אַ רעגען געהט, אַ ווינד שפּריזט,
וואו זאָל איך הינטאָן מיין זיידען קלייד?
— קעהר עס אום אויף דער לינקער זייט
און לעג זיך שלאָפען אויפ'ן גרינעם גראָז!
— מיט וואָס וועל איך זיך צודעקען
און ווער וועט מיך דאָך אויפוועקען?
— דאָס בלאַט פון בוים וועט דיך צודעקען,
דער שטראַהל פון זון וועט דיך אויפוועקען!

---

## 3.

ער קומט צו מיר צו געהן
מיט'ן שטעקעלע אין האַנד;
ער געהט אַוועק צו אַנ'אַנדערער,
ס'איז פאַר מיר אַ שאַנד!

ער קומט צו מיר צו געהן
און זאָגט מיר אַ סוד אויפ'ן אויער;
ער געהט אַוועק צו אַנ'אַנדערער,
גראָבט ער פאַר מיר אַ קבר.

ער קומט צו מיר צו געהן
גיט ער מיר אַ פּאָר האַנדשען;
ער געהט אַוועק צו אַנ'אַנדערער,
געהט ער מיט איהר טאַנצען.

אַ ליעבע צו שפּיעלען
איז אויך ניט קיין עולה'ריי,
ווען איז דאָס גערעדט?
מיט איינער, ניט מיט דריי!

ער קומט צו מיר צו געהן
און קושט מיר אוים מיינע גליעדער;
ער געהט אַוועק צו אַנ'אַנדערער,
מאַכט ער פון מיר אַ געשלידער.

אַ ליעבע צו שפּיעלען,
דאַרף מען וויסען ווען,
ווען איז דאָס גערעדט?
מיט איינער, ניט מיט צוועהן!

---

## 4.

די שענע רויז אין גארטען,
דאס רעגעלע שפריצט אויף איהר;
ווי דאס רעגעלע הערט־אויף,
אזוי בלייבט זי אהן קאליר.

אז אך און וועה און וויינה
איז צו מיר און מיינע יאהרען:
מיין געליעבטער פון מיין הארצען
איז אוועקגעפאהרען!

אז אך און וועה און וויינח
איז צו מיר און צו מיר:
מיין געליעבטער איז ניטא,
דא בלייב איך אהן קאליר!

אריבער האלז אין וואסער
האב איך געטאן שווימען,
געשוואומען ווי א פיש,
צו זעהען וואו ער איז.

אריבער האלז אין וואסער
האב איך געטאן שווימען,
צו זעהען מיין געליעבטען,
צי וועט ער גיכער קומען.

איך עס און איך טרינק, —
עס געדט מיר ניט איין,
מיין געליעבטער איז שוין דא,
איך קאן מיט איהם ניט זיין!

דו זאגסט — דו האסט מיך ליעב,
דו גיסט מיר א האנד, —
דו געהסט אוועק צו אנאנדערער,
דו מאכסט אויף מיר א שאנד!

אַ ליעבע צו פיהרען
איז דאָך אוי ווַעה —
אָבער מיט איינער,
און ניט מיט צוויי!

אַ ליעבע צו פיהרען
איז דאָך כדאי, —
אָבער מיט איינער,
און ניט מיט דריי!

.5

די יאָהרעליך ציהען, די יאָהרעליך פליהען,
די צייט געהט אַוועק ווי אַ רויך;
אַז איך דערמאָהן זיך אָן דיר, מיין זיס לעבען
געהט מיר אויס מיין כח.

אוי, די כוחות'ליך געהען מיר אויס,
איך קאָן זיי אין זיך ניט דערפילען;
אַ צעהנטען מיידעלע וועל איך פערזאָגען,
אַז זי זאָל קיין ליעבע ניט שפּיעלען!

אַז אַ מיידעלע שפּיעלט אַ ליעבע,
שפּיעלען אין איהר אַלע פאַרבען;
און אַז זי שפּיעלט ניט אויס די ליעבע,
מוז זי אַ יונגע שטאַרבען.

שטאַרב ניט, שטאַרב ניט, הושע מיין לעבען,
עס וועט פון דיר נעהמען אַן עק;
אַדיע, אַדיע, דושע מיין לעבען,
איך פאָהר שוין פון דיר אַוועק!
אויף וויפיעל איך בין געוועזען,
האָב איך געזעהען אָרים און רייך;
עס מעג זיין די שענסטע די בעסטע ליעבע,
לאָזט זי זיך אויס אַ טייך!

אוי, די טײַכעליך טריקענען אוים,
די גריבעליך בלײַבען לײדיג;
און אז סטרעפט זיך אויף א מײדעל אנאומגליק
בלײַבט דער שם אויף אײביג!

6.

עס איז ארוים א מאדע —
שיכעליך אויף וואטען;
אלע שענע בחורים
געהען פאר סאלדאטען.

דעם שענעם גיט מען אב,
דער מאוסער געהט ארוים;
ער האט דאך מיר צוגעזאגט
אז ער וועט ארוים.

און אז גאט האט שוין געהאלפען,
אז ער איז שוין ארוים, —
זוכט ער אוים א שענערע
און פון מיר לאכט ער אויס!

7.

קומט דער ליעבער זומער,
שפילען מיר אין זאמד;
וואו ס'איז אונזער וואוינונג,
דארט איז אונזער לאנד.

שווארצע קארשען רײַסען מיר,
רויטע לאזען מיר שטעהן, —
שענע בחורים נעהמען מיר,
מאוס'ע לאזען מיר געהן.

שווארצער ציגײַנער,
דו ביסט ניט מײַנער;
אז גאט וועט דיך בעשערען,
וועסטו מײַנער ווערען!

8.

הער נאַר, דו שען מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואָס ווערסטו טאָן אין אַזאַ ווייטען וועג?

— איך וועל געהן אין אַלע גאַסען
און וועל שרייען וועש צו וואַשען,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נאַר, דו שען מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואָס ווערסטו טאָן אין אַזאַ ווייטען וועג?

— איך וועל געהן מיט'ן שווערען פעקעל
און אָהן שוך אין אָהן רעקעל,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין!
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין,

הער נאַר, דו שען מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואָס ווערסטו טאָן אין אַזאַ ווייטען וועג?

— איך וועל טויזענדער צרות ליידען,
אומעטום נדבות קלייבען,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין!



# IV. חתן־כּלה־ און חתונה־ליעדער.

## 1.

אַט אַזוי און אַט אַזוי
נאַרט מען אָב אַ חתן
מ'זאָגט איהם צו אַ סך נדן,
און מ'גיט איהם ניט קיין גראָשען.
אָהן קליידער און אָהן נדן, —
אַבּי מיין טאַטע האָט אַ מאַן!

---

## 2.

אַ שען מיידעלע בּין איך דאָך,
רויטע פּאָרים שפּין איך דאָך,
אַ רייכען טאַטען האָב איך דאָך, —
הייגט וואָס פעהלט מיר נאָך?

טאַטע, טאַטע, געה אויפ'ן בן־זכר
און קלייב מיר אויס אַ שענעם בחור,
מיט לאַנגע פּאות, מיט שוואַרצע אויגען,
און צו דער היילינער תורה זאָל ער טויגען.

---

## 3.

פֿאַרבּיי מיהל, פֿאַרבּיי ראָה
פֿיהרט מען די כּלה גלייך אין באָ
פֿאַרבּיי די נייע בּריקען
פֿיהרט מען די כּלה טוּקען.

פירט מען די כלה טוקען,
לויפען די ווייבער קוקען;
ווי מען פירט נאך די כלה ארוים,
געהט דער חתן פון קלויז ארוים.

מיט א גלעזעלע ווין, מיט א שטיקעלע פלאדען,
מען זאל זי גיכער אבבאדען,
מען זאל זי ניט דערטרענקען,
מען זאל זי כשר שווינקען.

האפט מען אן פאר א הענטעלע,
שווינקט מען אב א הענטעלע;
האפט מען אן פאר א פיסעלע,
שווינקט מען אב א פיסעלע.

— כלה מיין, כלה פיין,
ווי איז דיר געגאנגען?
— מקוה־וואסער — צוקער זיס,
כ'האב אבגעפרארען די יונגע פיס!

אוי, וועה, ביטער,
זעה, מיין חתן, איך ציטער!
נעהם מיך ארונטער
אונטער דיין פוטער!

— ווי קען איך דיך נעהמען?
כ'מוז זיך פאר לייטען שעמען!
— שעם זיך יא, שעם זיך ניט,
נעהם דעם פוטער און נעהם מיך מיט!

———

### 4.

זיי זשע מיר געזונד, מיין געליבטער פאטער,
זאל שוין נעהמען א נעק!
דיין זאלץ און ברויט האב איך דאך געגעסען,
איצטער פאהר איך שוין פון דיר אוועק!

ווי עס איז ביטער, מײַן געליעבטער פֿאָטער,
אַ פֿײגעלע אין ווילדען וואַלד אַלײן,
אַזוי איז דאָך ביטער, מײַן געליעבטער פֿאָטער,
מיר אין אַ פֿרעמדען לאַנד אַלײן!

אין אַ פֿרעמדען לאַנד, מיט קײנעם ניט בעקאַנט,
עלענד אַזוי ווי אַ שטײן.
און אַז איך דערמאָהן זיך אָן דיר, מײַן געליעבטער פֿאָטער,
זיץ איך און טרויער און וויין.

זײַ זשע מיר געזונד, מײַן געליעבטע מוטער,
זאָל שוין נעהמען אַן עק!
דײַן מילך פֿון דײַן ברוסט האָב איך דאָך געזויגען,
איצטער פֿאָהר איך שוין פֿון דיר אַוועק.



# V. פאמיליען-ליעדער און אנדערע.

.1

געפלויגען, געפלויגען די גאָלדענע פאווע
איבער אַלע ימ'ען,
לאָז זשע געריסען, דו גאָלדענער פויגעל,
מיין ליעבער, מיין הארציגער מאַמען.

איז געפלויגען די גאָלדענע פאווע
איבער'ן טייך דעם גרויסען,
לאָז זשע געריסען, דו גאָלדענער פויגעל,
מיין ליעבען, מיין הארציגען טאַטען!

איז געפלויגען די גאָלדענע פאווע
איבער אַלע פעלדער,
האָט זי פערלאָרען די גאָלדענע פעדער
אין די פרעמדע לענדער.

ניט אַזוי די גאָלדענע פעדער,
ווי די פאווע אַליין;
ניט אַזוי דער פרעמדער זוהן,
ווי די טאָכטער אַליין.

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א פייגעלע אָהן א נעסט, —
אַזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
ביי א שווער און שוויגער אויף קעסט!

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א וואַסער אָהן א פיש, —
אַזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
אַז מ'זיצט ביי א פרעמדען טיש!

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א פייגעלע אָהן א זאמד, —
אזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
אז מ'ווערט פערוואָגעלט אין א פרעמדען לאנד!

.2

קנעט איך חלה — זאָגט זי: שיטער!
מאך איך פיש — שרייט זי: ביטער!
פערבעט איך דאָס בעט — זאָגט זי: הויך!
הייץ איך אין אויוען — פיהלט זי רויך.
געה איך פאמעליך — זאָגט זי: איך קריך!
געה איך גיך, — „זי רייסט די שיך!"

.3

— מאָלטער דו ליעבסטע, דו מיין,
ווי האלט דיך די שוויגער?
— די שוויגער רק ביין, ווי א טיגער,
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!

— מאָלטער דו ליעבסטע, דו מיין,
ווי האלט דיך דער שוועך?
— דער שוועך ברומט שטענדיג, ווי א בער,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— מאָלטער דו ליעבסטע, דו מיין,
ווי האלט דיך דער מאן?
— ביים מאן איז דאָס לעבען, ווי א שפאן,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואָס עסטו דאָרטען?
— א שטיקעל ברויט, ליעבערסט דער טויט,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואָס טרינקסטו דאָרטען?
— א גלעזעלע וויין — שאַנד אין פנים אריין,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
אין וואָס געהסטו אָנגעטאָן?
— אין א קארטונענעם קלייד, מיט צרות גענייהט,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואָסערע שיך געהסטו?
— אַזעלכע שיך, וואָס וועְרען צוריסען אויף גיך,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
ווי שלאָפסטו דאָרטען?
— אויף א קיסען, נאָר לייט זאָלען וויסען,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
אוואו ליגסטו דאָרטען?
— אויף דער האַרטער באַנק, טויט קראַנק,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
געדט צו געוואָהר ווערען דער מאַן?
— ער געדט ניט צו, ער האָט שכל ווי א קוה.
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואו האָט מען דיך אראָבגעהויבען?
— אויף אזעלכע ערד, וואָס קיינמאָל ניט געקערט,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואָס האָט מען דיר אונטערגעבעט?
— דריי שטריי, ווינד און וועה,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
אין וואָס האָט מען דיך אָנגעטאָן?
— ניט דער שמשטע צו רייסען, ניט הינט צו בייסען,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
וואו האָט מען דיך אוועקגעפיהרט?
— אין א שווארצען וואָגען, לייט זאָלען קלאָגען,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין
וואָס'ט'ן דיר געלעגט צו קאָפען?
— א זעקעלע ערד, דעם קאָפ צום פערד,
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

— טאָכטער דו ליעבסטע, דו מיין,
ווי האָט מען דיך אוועקגעפיהרט?
— מיט א ווייסען פערד, יונגערהייד אין דר'ערד, —
מוטער דו ליעבסטע, דו מיין!

———

## 4.

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויף דער מאַמעס בעטעלע,
געהט די מאַמע פאַרבײַ,
רק זי טוט און קוועלט:
שלאָף, מײַן טאָכטער קלײנינקע,
אויגעליך האָסטו שענינקע,
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויף מײַן טאַטענס בעטעלע,
געהט דער טאַטע פאַרבײַ,
רק ער טוט און קוועלט:
שלאָף, מײַן טאָכטער קלײנינקע
אויגעליך האָסטו שענינקע
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויף מײַן שוויגערס בעטעלע,
געהט די שוויגער פאַרבײַ,
רק זי טוט און שעלט:
מײַן שנור איז קײן בריה ניט,
קײן מלאכה טוט זי ניט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויפ׳ן שווערס בעטעלע,
געהט דער שווער פאַרבײַ,
רק ער טוט און שעלט:

מײַן שנור איז קײַן בריה ניט,
קײַן מלאכה טוט זי ניט,
נאָר זי טוט און פּאַטש,
נאָר זי טוט און פּאַטש!

לעג איך מײַן קעפּעלע
אויף מײַן מאַנס בעטעלע,
געדוט דער מאַן פאַרבײַ,
רק ער טוט און קוועלט:

שלאָף, מײַן ווײַבעלע קלײנינקע,
אויגעליך האָסטו שענינקע,
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

---

.5

האָב איך מיר אַ בויה,
האָב איך מיר אַ בויה,
מיט קאַוואַנע רעדער,
און דערצו צוגעדעקט
מיט אַ שוואַרצען לעדער.

און די פערד געהען ניט,
און די רעדער דרעהען ניט,
אַ טרונק בראַנפען ווילט זיך,
און דאָס ווײַב שילט זיך, —
זעה איך מיר אַ שטײן,
זעץ איך מיר אוין ווײן.

זאָל איך ווערען אַ רב,
קען איך ניט קײַן תורה,
זאָל איך זײַן אַ סוחר,
האָב איך ניט קײַן סחורה.

און די פערד געהען ניט, א. או. וו.

זאל איך ווערען א שוחט,
האלט איך נ.ט קיין חלף
זאל איך זיין א מלמד,
קען איך ניט קיין אלף.
און די פערד געהען ניט א. או. ח.

---

### .6

ניט קיין שטוב, ניט קיין באלקען,
ניט קיין מאמען, ניט קיין טאטען;
נעהמט מיך אן א געוויין, —
אין סאלדאטען מוז מען געהן!

ניט קיין דאך, ניט קיין פענסטער,
ניט קיין ברידער, ניט קיין שוועסטער;
נעהמט מיך אן א געוויין, —
אין סאלדאטען מוז מען געהן!

ניט קיין טיר, ניט קיין ברעטער,
ניט קיין מוהמען, ניט קיין פעטער;
נעהמט מיך אן א געוויין, —
אין סאלדאטען מוז מען געהן!



ש. בערנשטיין*).

# די בייקע
## אדער די פאלשע האפנונג.

---

.1

דיא וועלט איז גרויס, דיא וועלט איז ווייט,
דער מענש זוכט נאר זיין גליקס־שטערן;
די האפפענונג טרייסט איהם אין דער שלעכטער צייט:
עס וועט דיר שיינען, דוא וועסט אויפגערעכט ווערען.
גילדענע בערג זאגט זיא איהם צו,
טויזענדטער מאכט זיא איהם פון איין גראשען —
וויא א פונק פייער, אזוי איז זיא,
אט שיינט זיא, אט לייכט זיא, אט ווערט זיא פערלאשען.
זיא באווייזט זיך אין געטליכען געשטאלט,
זיא קוויקט איהם איטליכעס אבר,
אזוי ווערט ער גרא, אזוי ווערט ער אלט,
אזוי באגלייט זיא איהם אין קבר.

---

דיא שונאים זאללען אזוי לעבען,
צו האט מען דער האפפענונג, וואס צו גלייבען.

.2

אז איך בין נאך א קליין קינד געוועזען,
מיט קליינעם שכל, יונג, פיין און גוט,
מיין השגה איז אויך געוועזען קליין —
קליינע צרהלך האבען שוין גענאגט מיין בלוט.

---

*) ביי די ערשטע פאלקסטימליכע דיכטער האבען מיר איבער געלאזען זייער ארטאגראפיע.

וואָס איך האָב פאַרלאַנגט, האָב איך ניט גיקריגען,
דעם קינדס השגה וועלכער מענש ווייסט?
מי'האָט מיר פירגעזאָגט, טויזענט ליגען.
אַ ציגעלע מיט מאַנדלען איז גיוועזן מיין טרייסט.
אין דער בייקע האָב איך גיגלייבט,
צו דעם ציגעלע האָב איך גיגלוסט.
מיט דער האָפּפענונג האָב איך גילעבט,
און האָב גיהאָפּפט גאָר אומזיסט.

———————

די שונאים זאָלען אַזוי לעבען,
צו מען האָט מיר אַ ציגעלע גיגעבען.

.3

דאָס ציגעלע איז גישווינד, וויא אַ חלום. פאַרפלויגען,
דאָס ציגעלע האָט זיך גאָר פאַר אַ באַלעפער פאַרשטעלט,
דיא צרה האָט מיר גיעפענט דיא אויגען,
אַז אַ רבי און אַ חדר איז דאָ אויף דער וועלט.
„גערה, שרייט דיא מאַמע, גערה אין חדר!
„גערה, מיין תכשיט, גערה, מיין לעבען!
„גערה, לערען דיא תורה, לערען כסדר,
„אַ פייגעלע וועט דיר דער רבי געבען".
אין דער בייקע האָב איך גיגלייבט,
צו דער פייגעלע האָב איך גיגלוסט,
מיט דער האָפּפענונג האָב איך גילעבט
און האָב גיהאָפּט גאָר אומזיסט.

———————

די שונאים זאָלען אַזוי לעבען,
צו האָט מיר דער רבי אַ פייגעלע גיגעבען.

.4

דאָס פייגעלע איז גישווינד וויא אַ חלום פאַרפלויגען,
דאָס פייגעלע האָט זיך גאָר פאַר אַ קאַנטשיק פאַרשטעלט,

דער רבי האט מיר געפּענט די אויגען,
אז גמרא מיט תוספות איז דא אויף דער וועלט.
„קוק אריין, שגץ! לעג נאר צו מוח,
„ס'איז שוין צייט, דוא זאלסט קענען דעם שיעור.
„ביים פאדהערען, אז וועסט שרייען גאנץ הויך,
„וועט דיר דער טאטע שענקען א גילדינעם ריפּיטיר.
אין דער בייקע האב איך געגלייבט,
צום ריפּיטיר האב איך געגלוסט,
מיט דער האפּפענונג האב איך געלעבט,
און האב גיהאפט גאר אומזיסט.

———————

די שונאים זאלען אזוי לעבען,
צו האט מען מיר א ריפּיטיר געגעבען.

.5

דער ריפּיטיר איז געשווינד וויא א חלום פארפלויגען,
דער ריפּיטיר האט זיך גאר פאר תפילין פארשטעלט,
דאס 13-טע יאהר האט מיר געפּפענט די אויגען,
אז א בר-מצוה איז דא אויף דער וועלט.
„א יוד ווערסט היינט, מיטען פוללען מול,
„אין תפילין און רצועות האסט דיין יוגענד איינגעשפּאנט!
„דאווין נאר ערנסט, גוט, פיין און וואול,
„א כלה א געטרייע וועט דיר שטעהען בא דער האנד.
אין דער בייקע האב איך געגלייבט,
צו דער כלה האב איך טאקע געגלוסט.
מיט דער האפּפענונג האב איך געלעבט,
און האב געהאפפט גאר אומזיסט.

———————

דיא שונאים זאללען אזוי לעבען,
צו האט מען מיר א געטרייע כלה געגעבען.

.6

דיא כלה איז געשווינד, וויא א חלום פארפלויגען,
דיא כלה האט זיך גאר פאר א ווייב פארשטעלט.

דיא צרה האט מיר געעפענט די אויגען,
אז פון צוויא מוז דרייא ווערען אויף דער וועלט.
איך בין נאך פון אונטער דער חופה אפיר,
האב איך שון געהערט: „פארפאלען דיין לעבען.
„וויא גוט האט געבאטען, לעב נאך מיט איהר,
„א גוטע פרנסה וועט ער דיר שון געבען".
אין דער בייקע האב איך געגלייבט,
צו דער פרנסה האב איך געגלוסט,
מיט דער האפפענונג האב איך געלעבט,
אונ האב געהאפפט גאר אומזיסט.

———————

דיא שונאים זאללען אזוי לעבען,
צו האט מען מיר פרנסה געגעבען.

.7

מיינע אללע יאהרען זענען וויא א חלום פארפלונגען,
דיא אללע גליקען האבען זיך פאר דער עלטער פארשטעלט,
דיא אמונה אליין האט מיר געעפענט דיא אויגען,
אז דעם מענטשענס לעבען איז נאר יענע וועלט.
„יענע וועלט, זיא איז קיין קאטאוועס,
„גרייט דיך נאר צו, וויא צו דער חופה דער חתן,
„ דוא ווייסט דאך, אז צדקה איז תציל ממות,
„דארטען וועסטו עסען פונ'ם לויתן".
אין דער בייקע גלייב איך בנאמנות,
צום לויתן גלוסט איך און גלוסט.
האב שון גאט אויף מיר רחמנות,
האטש די האפפענונג זאל ניט זיין אומזיסט.

———————

ווער זשע וויל אזוי לעבען,
צו וועט מען מיר א שטיקעל לויתן געבען.



מיכל גארדאן.

# דער גט.

---

אידר זייד דאך, רבי יוד, אין פאלטאווע געוועזן,
האט אידר דאך דארטען מיין מאן געזעהען;
מען זאגט, מען זאגט — א חרפה און א זייט —
מען זאגט, אז ער איז געווארען פערשייט.

מען זאגט: ער גייט שוין גאנץ קורץ געקליידט,
נאך דער גוי'אישער מאדע גאר אפגענייט,
ער גייט אהן א היטיל גאנצע טעג,
און רעדט מען מיט איהם, זאגט ער: מען מעג.

ער זאגט: מען מעג, אט דאס איז מיין צרה,
וואס ער האט געלערנט די שטיקעל גמרא,
אליך, וואס ער טהוט, זאגט ער: מען מעג,
אזוי גערט ער אראפ פון יודישען וועג.

מען זאגט: עס האט שוין אמאל געטראפען,
אז ער האט אהן קריאת־שמע איינגעשלאפען,
ער האט זיך גאנץ שפעט דאווענען געשטעלט,
און לאנג „והוא רחום" גאר פערפעהלט.

ער איז געווארען פון די פיינע יונגען,
ער האט ראש השנה א דייטש לידיל געזונגען,
צו תשליך האט ער ניט געשאקעלט די פאלעס,
ער פערלייגנערט דאך נאר דעם יודישען גלות.

עס זאגט מיר איינער אויף זיינע נאמנות,
אז זיין קליין בערדיל הייגנט אויף סכנות,
ער הויבט שוין אן מיט אידר זיך צו שעמען,
ער טראכט זי גאר ארונטערצונעהמען.

זײנעם אַפרײַנד האָט געטראָפען די צרות,
ער האָט מיט זײַן בערדיל געשלאָגען כפרות,
האָט מײַן מאַן אויף איהם געמאַכט אַליעד,
אַזוי ווי ער וואָלט עס זײַן דער ערהליכער יוד.

צו טאָר איך מעהר פערברײנגען די יאָהרען,
מיטין מאַן, וואָס האָט עולם־הבא פערלאָרען?
צו וועל איך גאָר מיט איהם שוין לעבען קענען?
איך ווייס דאָך: ער וועט אין גיהנם ברענען.

איהר פאָהרט דאָך, רבי יוד, קײַן פאַלטאַווע צוריק,
דורך אײַך קען איך האָבען מײַן שטיקעלע גליק.
זאָגט דאָרטען מײַן מאַן, אַז איך זײַן ווײַב בעט,
ער זאָל מיר דורך אײַך באַלד שיקען אַ גט.

# די באָרד.

צו ביסטו עס מײַן מאַן, צו ביסטו עס קאָכער[1]
איך דערקען דיך ניט, זעהסט אויס גאָר אַבחור,
צו וואָלט איך גלויבען, ווען איך וואָלט הערען,
אַז מײַן פרומער מאַן וועט זײַן באָרד אָבשערען,
געוואַלד! די באָרד זאָל מיר ווערען!

די באָרד זאָל מיר ווערען, מ'קען אונטערגעהן די וועלט,
די באָרד זאָל מיר ווערען, ניט אַ האָר געפעהלט,
די באָרד זאָל מיר ווערען, ווי געוועזען גרויס,
די באָרד זאָל מיר ווערען, איך האַלט ניט אויס,
געוואַלד, גיב מיר די באָרד אַרויס!

[1]) אַנ'אויסגעטראַכטער פאַמיליען־נאָמען.

וואָס איז דיר די באָרד איצט נמאָס געוואָרען,
דו טראָגסט דאָך שוין זי עטליכע יאָהרען,
און גאָר מיט אַמאָל פֿאַלט דיר איין זיגען אַריין,
זי אָבצושערען, אַי, מיין ליבט, מיין שיין.
געוואַלד, די באָרד זאָל מיר זיין!

צו האָט דיר די באָרד געטאָן אַ רעה,
צו האָט זי דיר געקאָסט עפּעס אַ הוצאה,
צו האָט זי בּאַ דיר געבעטען וועגן עססען,
צו האָט זי דיר געשאַדט צו דיינע אינטערעססען,
געוואַלד, איך קען די באָרד ניט פֿערגעססען!

גאָר ניט לאַנג האָב איך געזעהען אין חלום,
דיין גאַנצע בערדעלע, עליה השלום;
איין האָר אַהין און איין האָר אַהער,
און געבען איהר ליגט אַ שאַרפֿע שער,
געוואַלד, גיב מיר די בערדיל אַהער.

איך האָב מיך באַלד פּותר חלום געווען,
אַז ס'איז די באָרד אַ צרה געשעהען,
נאָר כ'האָב ניט געטראַכט אַזוי אַ בייזע שעה,
איך האָב מיך געטרייסט, אַז זי איז נאָך דאָ.
געוואַלד, מיין מאַנס באָרד איז ניטאָ!

כ'האָב שוין דערזעהען דאָס הייליגע אָרט,
וואו ס'ליגען געבעך די האָר פֿון דיין באָרד,
אַפֿין בית־הקברות גראָב איך אַ גריביל,
כ'וועל זיי בעגראָבען, אויף זיי מאַכען אַ שטיבל.
געוואַלד, בערדעלע, האָב ניט פֿאַראיבעל!

# די שטיפֿמוטער.

אַפֿין בית־הקברות, אונטער אַ מצבה,
הערט זיך ביטער אַ קול פֿון אַ נקבה,

דאָס שרייט אַ מוטער: אױ ווײ מיר, אָי, ווינד,
וואָס טהוט אַ שטיפמוטער מײן טהײערען קינד.

מײן גאַנצעס לעבען, וואָס איך האָב פערבראַכט,
איז דאָס נאָר געווען אַ פינסטערע נאַכט,
מײן קינד איז מיר געווען מײן ליכט, מײן שײן.
איצט לײדעט עס נעבעך גרויס צרות און פײן.

מיט בלוט פון הארצען האָב איך איהם ערצויגען,
כ'האָב איהם געוואַשען מיט טרערען פון מײנע אויגען;
איצט צאַפּט מען זײן בלוט, מען ברעכט זײנע בײנער;
ער שרײט, ער װײנט, עס העלפט איהם ניט קײנער.

עס שטײען מענשען פון אַרום און אַרום.
וואָס שווײגט איהר אַללע, צו זײד איהר שטום?
מען אײער הארץ איז פון אײזען און שטײן,
פון קינדס הײסע טרערען דאַרף עס צוגײן.

אָט זעהט, די שטיפמוטער שלאָגט איהם אין קאָפּ;
זי דראַפּעט זײן פּנים, בלוט רינט אַראָפּ.
זי שלאָגט איהם, וואַרפט איהם אויף די ערד אַנידער,
זי בײסט איהם, רײסט איהם, ברעכט זײנע גלידער.

ער שרײט: אָ, מוטער! אָ, מוטער, העלף מיר.
ווען קענסט ניט העלפען, טאָ נעם מיך צו דיר.
שטײט אויף אַללע טויטע, שטײט אויף געשווינד,
שטײט אויף אַללע טויטע, ראַטעוועט מײן קינד.

אַללע טויטע ליגען רוהיג אין זײער רוה.
צו גאָט'ס כסא־כבוד פליה איך באַלד צו.
פון גאָט'ס כסא־כבוד וועל איך ניט אָבטרעטען,
ביז ער וועט דערהערען מײן שרײען, מײן בעטען.

* *

*

רבונו של עולם, וואו זענען דיינע רחמנות,
דער פאטער ביזטו פון יתומים און אלמנות.
ווי קענסט דו זעהען, ווי די מרשעת,
גיסט אוים אויף מיין יתום איהר גיפטיגען כעס.

מיינע יונגע יאהרען האסטו מיר אפגעשניטען,
ביכט דו מחוייב מיין יתום צו היטען.
פון דיין וועלט האב איך ניט געהאט פערגעניגען,
טא לאז מיך כאטש רוהיג אין קבר איינליגען.

ווי קען איך אין קבר איינליגען בערוהט,
ווען ס'רינט מיר אריין מיין יתומ'ס בלוט.
ווי קען איך צום גריב צוריק זיך אומקערען,
ווען מיין גריב איז פול מיט מיין יתומ'ס טרערען.

❉ ❉

❉

נו, שוויג שוין, מיין קינד, זייא רוהיג, מיין נשמה,
איך האב שוין געהערט פון גאט א נחמה.
גאט זאגט: ס'וועט זיין צו דיינע צרות אן ענד,
ער וועט אויסלייזען דיך פון דער שטיפמוטערס הענד.

די רשעת, די שטיפמוטער, וועט גאט בעשטראפען,
און דו מיין קינד, שוויג: צו גאט זאלסטו נאר האפען.
פאר אללע דיינע צרות, פאר אללע דיינע לייד,
וועט גאט דיר בעצאהלען מיט נחמות און פרייד.

נו, שוויג שוין, מיין קינד, וויש אפ דיינע טרערען,
דו זאלסט מיך ניט מעהר פון מיין רוה שטערען.
גאט וועט ערפילען זיין הייליגעסווארט,
טא, קען איך שוין ליגען רוהיג אין מיין ארט.

# מיין לעבענסצייט.

פון מוטערס לייב בין איך ארויס
מיט גרויס געשריא, מיט גרויס געוויין.
אבער איצט אין דער ערד, מיין אייביג הויז,
וועל איך גאנץ שטיל און רוהיג גיין.

אזוי ווי דורך אנאפען טהיר,
ארויס אין גאס פון איינגען שטוב,
אזוי גאנץ רוהיג גיי איך מיר
אראפ פון בעט, אריין אין גרוב.

אט באלד איז מיין קורץ לעבען אוועק.
אט באלד קומט אן זיין לעצטע שעה,
ניט לאנג זיין אנהויב, און שוין זיין עק —
אט ערשט געוועזן און באלד ניטא.

מיליאנען יאהרען זענען פערשוואומען,
איידער איך בין אויף דער וועלט געוועזן;
מיליאנען יאהרען וועלען אנקומען,
און איך וועל מעהר די וועלט ניט זעהען.

עס טהוט אמאל פון ים א שפריץ,
א טראפען וואסער פאר'ן זונענשיין,
און פאלט געשווינד, אזוי ווי א בליץ,
צוריק אראפ אין ים אריין.

אזוי איז מיין קורצע לעבענסצייט,
אזוי איז מיין גלענצענד לעבענסגליק.
עס געהט נאר פלוצלונג ארויס פון אייביגקייט,
און פאלט אין אייביגקייט געשווינד צוריק.



י. ל. גאָרדאָן.

# וואָס איז בײַ דער אֲסִיפָה גֶעבְּלִיעבֶּען?

„זעהט, זאָגט מיר, איך בעט אײַך, מײַן ליבער ר׳ ברוך,
„איהר ווײסט דאָך איך בין א ישובניק, אײַן אורח.
„מען האָט אונז געזאָגט: אײַער גבאי, ר׳ יוסי,
„האָט די וואָך געמאַכט אײַן אסיפה א גרויסע.

„געווים האָט מען דאָרטען, איך קען זיך מיר דענקען,
„געשמועסט מכח ישובים און שענקען,
„מכח די איצטיגע צרות, פאַראַמעס —
„טאָ זאָגט זשע, וואָס הערט זיך פאַר אידען נחמות?“

— נחמות פאַר אידען? איך בעט אײַך מחילה!
געווען איז געוועזען אײַן אסיפה אפילו;
וואָס אָבער זיי האָבען זיך דאָרטען געריסען,
אָט זאָלל איך אַזוי פון קײַן צרות ניט וויסען.

ווי איך האָב פון דער כנופיא צו הערען בעקומען,
האָב איך מײַן באַקענע היטעל גענומען,
בין ווי א פערסמיטער צו קהל געלאָפען,
האָב אָבער דעם אָנהייב שוין ניט אָנגעטראָפען,

אַז איך בין געקומען, האָט יענקעל מיט אידלען
געהאַלטען ביים קריגען זיך שוין און ביים זידלען
ביי זיי איז איין אַלטע מחלוקת אַ גרויסע,
אַלץ איבער דעם פסוק פון אתה הראית.

און הלל מיט שמאי'ן האָבען אויך זיך מיט דבקות
געאַמפּערט, געפיהרט זייער אַלטע מחלוקת,
אויך ניט וועגען דעם, וואָס טהוט אונז איצט וועה,
נאָר אַלץ וועגען דאָס אויסגעבלאָזענע איי.

ר' קאָפּיל, דער פּרוש, וואָס קוקט ניט אויף ווייבער,
דער האָט זיך געפּאָרסקעט מיט יודעל דעם שרייבער:
„דו מופקר, אַפּנים דו ווילסט אויך זאָגען דעות —
„אַ איד, וואָס עס געהט אָהן באָרד און אָהן פּאות?!"

„וואַרט, וואַרט, שרייט דער שרייבער, איך זאָג אייך פאַרמאַלגע,
איך שרייב באַלד אַ פּראָזבע צום סאַמע קוואַרטאַלניע,
דערצעהל איהם די מעשה מיט דער מעהל-קאָ־אָבקע,
שוין קרענק וועט איהר האָבען, ניט געלד מעהר אַ קאָפּקע.

דער שניידערשער מגיד, פון יאַטקעווער געססעל,
האָט מוסר גע'דרש'ענט אַ יונג בעל-הבית'ל;
די שוואַרצע מאָהן האָט ער אויף איהם אויסגעשאָטען
און דער האָט געציטערט, געשטומט, ווי אַ שאָטען:

דורך דיר נאָר, יונגאַטש דו, דורך דיר אַפּיקורוס,
אָט ליידען מיר אַללע די צרות, די גזירות;
מיינסט אפשר, טרפ'ניאַק, אַז מיר האָבען פאַרגעסען,
אַז דו האָסט אום פסח — בעבלעך געגעסען.

נו, האָב איך געטראַכט זיך, אָט ווייס מען שוין קלאָר עס,
פון וואַנען עס קומען אַלע אונזערע צרות,
און איך האָב אויך אָקאָרסט געוואָלט זיי דערצעהלען
אַ פּאָר שענע מעשות פון מיין שכנ'טע — קיילען.

מיט אַמאָל דערזעה איך, ווי בענצע דער פֿאַרבער,
וואָס האָט זיך געדרג'עט מיט לייזער דעם גאַרבער,
איז איבער דעם שולחן אַריבערגעשפּרונגען,
דערלאַנגט איהם אַ פּראַסק, אַז די וועלט האָט געקלונגען.

און לייזער, דער טהוט גלייך אַ שפּײַ אין קולאַק,
ווילל בענצען צוריק שוין דערלאַנגען אין באַק;
האָט אָבער געטראָפֿען גאָר מיר אין דעם קאָפּ,
אַזוי, אַז מיין היטעל איז געפֿלויגען אַראָב.

ווי איך האָב דערזעהען, אַז עס האַלט שוין ביים שלאָגען,
האָב איך זיך בשתיקה געשווינד אָבגעטראָגען;
אַזוי ווי די טהיר איז געשטאַנען האַלב־אָפֿען,
בין איך אָהן אַ היטעל אַהיים זיך אַנטלאָפֿען. —

„וואָס איז אָבער דאָרטען ביי קהל געבליבען,
„צי האָט מען וואָס אָבגערעדט, וואָס אָבגעשריבען?
„צי האָט מען געפֿונען אַן עצה, אַ מיטטעל?"
— ביי קהל, איהר הערט דאָך, איז געבליבען מיין היטעל!

---

# שווערע צייטען.

---

נאָך אַ יאָהר און נאָך אַ יאָהר —
די וועלט גערהט אַלצדינג ווייטער;
עס וואַקסט אַלץ אויף אַ נייער דור,
דער מענש ווערט אַלץ פֿערשייטער.

ווער רעדט פֿון כבוד אב ואם,
אַז מע האַלט ניט פֿון דער תורה;
ווער גלייבט נאָך איצט אָן בעל־שם,
אַז מע האָט פֿאַר גאָט קיין מורא?!

גיטאַ שוין מעהר די שענע צייט,
וואָס אין ליבאַוויטשער געגענד,
האָט עס מיט חסידים פון נאָהנט און וויים
און מיט פדיונות גערעגענט;

אַז אונזער רבי, דער אמת'ער יוד,
האָט געוויזען גבורת־הבורא:
אַלול איז געווען דער גרעסטער יריד,
שירים — די בעסטע סחורה.

ווער עס האָט אַמאָל נאָר זוכה געווען,
ביים רבי'ן שלש סעודות צו עססען,
וואָס ער האָט דאָרט געהערט און געזעהען —
צי קען ער עס צייט לעבען פערגעססען?

אַז ער האָט געשפּענט זיין הייליגען מויל
און תורה האָט זיך געשאָטען,
אָדער ער האָט זיך (עס חאַפּט מיר אַ גרויל!),
ראַנגלען געחאַפּט מיט'ן שטן.

ווער געדענקט ניט דען גרויס קרעכץ
ביים רבינ'ס שיר המעלות,
אַ פּראַסק נאָך לינקס, אַ פּראַסק נאָך רעכטס,
מחמת גרויס התפּעלות;

אַ גלאָץ מיט די אויגען, אַ קוק אַרויף
אין גן עדן צו דעם אַלטען —
וועלכע נשמה און וועלכער גוף
האָט דאָס געקענט אויסהאַלטען?

דאָס איז געווען אַ שענע צייט,
ממש מלכות בית דוד;
אידען זענען געוועזען לייט
פּרנסה געהאַט בכבוד;

נאָר אָהן חכמות, אָהן המצאות,
פאַרלעבט פיעל בעסטער די יאָהרען,
מע האָט נאָר געדאַרפט האָבען אויף הוצאות,
צום רבי'ן אַריבער צו פאָהרען.

ווער עס האָט למשל קיין קינדער געהאַט,
האָט זיין ווייב צום רבי'ן געשיקט,
און אין ניין חדשים, אַקוראַט,
האָט זי איהם מיט אַ קדיש בעגליקט;

איז געוועזען אַ חולה אין דער משפּחה,
איז דער רבי געוועזען דער דאָקטער,
ביי יעדען עסק למזל ברכה,
געפרעגט דעם רבי'ן, וואָס זאָגט ער.

פון יעדער גזירה, אין יעדער נויט,
איז ביים רבי'ן געוועזען אַ מיטטעל;
אפילו פון גיהנם און פון טויט
האָט געהאָלפען דעם רבינ'ס קוויטטיל;

דריבער זיינען מיר פון צרות
ניט געוועזען אַזוי פערביטטערט,
ווייל דעמאָלט האָבען אַללע שררות
פאַר'ן רבי'ס הויף געציטערט.

אַזוי האָבען אידען פערבראַכט די יאָהרען
אונטער זייערע פייגענבוימער,
דאָס עס וואָלט אַלץ בעססער און בעססער געוואָרען,
איז געדרונגען פון אַ קל וחומר:

מה דאָך, אַז דער רבי איז געוועזען איינער,
האָבען שירים געקאָסט אַ פּייעם;
ווי וואָלטען מיר שוין געגריזעט ביינער,
אַז אַללע אייניקליך ווערען רבאים??

איצט איז אָבער אויפגעוואַכסען
אַ דור פון אַפּיקורסים;
אַלץ מיט חכמות, אַלץ מיט פּאַקסען —
ווילל'ען זיין גאָטטעס יורשים;

מאַכען פון חסידות חוזק, טורעס,
גיעבען קיין גראָשען פּדיון;
קיין אידיש האַרץ, קיין אידישע צורות —
וואָס זיינען דאָס פאַר אידען?

איצט — אָך און וועה צו אונזערע יאָהרען!
מוזען נעבּך די רבּאים
אַלליין פון שטאָדט צו שטאָדט אומפאָהרען,
עה, זיי דערזעהען אַ פּאים;

און אין יעדער קהלה, וואָס זיי בעזוכען,
אין יעדער קרעטשמע בעזונדער,
מוזען אַלליין זיי די וואַבליך זוכען,
וואָס ווילל'ען האָבען קינדער.

בילונג, בילונג דאַרפען זיי,
אין שקאָלעס מוז מען לויפען;
פאַר אַ שטיקעל זוהר, אַז אָך און וועה,
מאָגט איהר זיי פאַרקויפען.

אַפּיקורסים, שקצים און טרפניאַקעס,
ווערען זאָללט איהר כפרות;
דורך אייך נאָר האָבען מיר די מכות,
דורך אייך די גרויסע צרות.

וואָס דאַרפען מיר אייזערנע אייזענבאַהנען,
אַז מיר האָבען קפיצת הדרך,
און קאָננען קוממען צום רבּי'ן פון דאַננען,
צייט אין אַ חודש בערך;

וואָס דאַרפֿען מיר אייערע שוואַרצע קונץ,
טעלעפֿאָנען, טעלעגראַממען?
גלוי אליהו איז דאָ ביי אונז —
אַ רוח אין אייער מאַמען!

דאָך, עצבות מאַכט נאָר מרה שחורה,
חדוה — רוח הקודש;
דרום ליעבע ברידער, האָט קיין מורא,
לעבט ווי אונזערע זיידעס.

אידען זענען נאָך ניט גוסס —
האָבען געלעבט און וועלען לעבען
קוממט אַהער, גיסט אָן די כוסות
לחיים, לחיים דעם רבי'ן!



אֶלְיָקוּם צוּנזֶער.

# שִׁיבַת צִיוֹן.

שְׂאִי־סָבִיב עֵינַיִךְ וּרְאִי׃
כֻּלָּם נִקְבְּצוּ בָאוּ־לָךְ.
(ישעי' מ"ט, י"ח).

---

וואָס זעה איך דורך די שויבען; —
עס פליהען אָן ווי טויבען!
מיין יוסף, מיין בנימין, קלאפען אין מיין טיר.
אַך, הימעל, גאָט, די וואונדער!
איך זעה דאָך מיינע קינדער,
די ליעבסטע און די טרייסטע קומען אָן צו מיר.

אוועק אזוי פיעל יאָהרען,
געמיינט, איך בין פערלאָרען,
אַן אלמנה אַ פערוויסטע, ליידיג ביי מיין טיש...
מיט אייך ווי איז געגאַנגען,
צייט מען האָט אייך געפאַנגען?
וואָס מאַכט יהודה און אֶפרים? גיט מיר אַ געריס!

---

אַהער קומט, יענע יאָהרען!
איך בין יונג געוואָרען,
איך וואַרף אַראָב מיין טרויער, אַהער מיין זיידען קלייד!
פול ווערט מיין הויז ווידער,
עס הויבט דאָס האַרץ, די גלידער,
פיעל פון מיינע קינדער פאָהרען אָן מיט פרייד.

פון שמחה טרעהרען פליסען,
לאָזט מיך האַלזען, קיסען,
רוהט אייך אויס די ביינער, מיינע האַרצענס־געסט!
איהר ווערט ביי מיר קריגען
אַלע פערגעניגען,
איהר ווערט ניט וויסען פרעמדע טישען, נאָר דער מוטערס קעסט...





אַ גאָלדפֿאַדען.

# מײַן לעבען.

.I

יעדער האָט געהערט מן הסתם,
אונ אפשר געזעהען מיט דיא איגען;
וויא דער ווינד טרײַבּט אַ שיף אויפ'ן ים,
ווי זי פליהט פֿײַל אויס'ן בויגען.

אָבּער גיכער פֿון איהר פליהען געשווינה,
מײַנע יונגע יאָהרען אַוועק;
וויא לאַנג בּין איך געוועזן אַ קלײן קינה,
הײַנט בּין איך געעלטערט, אַ שרעק.

.II

הכלל מיר איז געוועזען גוט,
פֿון שלעכטס, פֿון דאגות רײן;
וויא אַ שעהנע רויז האָב איך געבליהט,
פֿריש, אונ געזונד אונ שעהן;

היינט הייב איך זיך אָן צו קנייטשען, צו קרימען,
ניט דאָ דיא כּוחות, וואָס פריהער;
אַ פּרעסטעל האָט שוין אויף מיין קאָפּ גענומען,
מיין ווינטער קלאַפּט שוין אין דער טיר.

## III.

עדער האָט געהערט מן הסתם,
אונ אפשר געזעהען מיט דיא אויגען;
וויא דער ווינד טרייבט אַ שיף אויפ׳ן ים,
וויא זיא וואָלט גערין צונאַכגעריג צוגעפּלויגען.

אַזוי טרייבט דיא צייט דיא שיף פון מיין לעבען,
אונ זי פליהט אַלץ ווייטער אַוועק.
איך בעט דיר, ווינד! וואָלסט אַ גוטען בלאָז געבען,
אונ טרייב זי שוין צו צו׳ן׳אַ ברעג. —

# דור הולך ודור בא.

(קהלת א׳, ד׳).

יאָהרען ציהען, יאָהרען פליהען,
יאָהרען לויפען גאָר אַ שרעק;
מענשען זעהט מען זיך אַלץ מיהען,
מיהען זיך גאָר אָהן עק;

קיין מאָל גיט מען זיך קיין רוה,
דער מארך טריקענט אין די ביינער;
פאַרוואָס? פאַר ווען? צו וואָס? צו וויא?—
דיא קשיא פרעגט ניט קיינער.

אַליין זעהט מען פיעל משלים,
וויפיל דורות זענען געוועזען;
פערשוואונדען זענען זייא וויא אַ חלום,
ניט דאָ קיינס פון זייער געביין;

גרויסע שררות, גרויסע מאַננער,
גרויסע העלדען, שטאַרקע לײַט;
גרויסע קינסטלער — אויך ניט קענער,
בעגראָבען האָט זיי אַלע דיא צײַט;

און אויף זייא אַ מצבה געשטעלט,
און עפּעס ווערטער אָנגעשריבען,
ליגען מוטשעט זיך די וועלט,
ס'איז שוין אָבער אָפּגעריבען — ...

אַזוי שטאַרבען רײַך און אָרים,
אַזוי ווערט פון זייא דער סוף,
און אויף זייערע אַלטע קברים,
וואַקסען נײַע דורות אויף;

נײַע מענשען, נײַע שררות.
אַ נײַער גביר, אַ נײַער העלד;
נײַע השגות, נײַע צרות,
אַ נײַא לעבען, אַ נײַע וועלט;

מען פערגעסט דעם דור, וואָס פריער,
יעדער זאָרגט פאַר זיך אַליין;
און דער גרוב שליסט צו די טהיר,
און ליגט אויף איהם דעם שווערען שטיין.

---

# אַ תְּפִלָה.

---

דו זיסער מלאך פון שלאָף,
וויעג מיך מיט דיין ליעדעלע איין!
פערגעסען זאָל איך אין דער שטראָף,
פערגעסען אין מיין נויט און פיין!
מיט דיינע פליגעלעך טרייב אַוועק,
מיינע צרות און שלעק.—

אדוני לי!
מיט מיר בּיסטו,
שענק מיר דײַן רוה!
מײַן נשמה נעהם צו
בּיז אין דער פריה,
נאָר דיר טרוי איך זי!

די גרויסער וועלטער דאָרט אין הימעל!
דײַן טרײַ אויג איז דאָך שטענדיג וואַך,
ווען איך שלאָף און ווען איך דרימעל:
היט מיך מיט דײַנע קינדער גלײַך!
מײַן נשמה איז דאָך פון דיר,
איבּער נאַכט נעהם זי בּײַ מיר!...

אדוני לי!
מיט מיר בּיסטו,
שענק מיר דײַן רוה!
מײַן נשמה נעהם צו
בּיז אין דער פריה,
נאָר דיר טרוי איך זי!

*
* *

כ'וואָלט געוואָלט זעהן ווי פערטשאַדעט פון רויך,
ווען דער נעבּעל איז טיעף אָהן אַ סוף,
דרימעלט דער אַלטער לבנון אין דער הויך
און רעדט עפּעס צו זיך פון דעם שלאָף!...
וואָס חלומט זיך דעם ווידען? וואָס טראַכט ער? וואָס קלעהרט
צו דאַוונט ער דענסטמאָל? — צו ניין? —
צו ווידערהאָלט ער דעם תהלים, וואָס ער האָט געהערט
פון זײַן דוד'ן זינגען אַליין? —

צו קלאָגט ער, וואָס זײַנע נעסטען זענען לער
און די פֿויגעלעך זענען פֿערטריבען?...
דערפֿאַר קרעכצט ער פֿינים שלאָף אַזוי שווער,
וואָס ער איז אַזוי עלענד געבליבען?...

# שַׁבָּת, יום־טוב און ראש־חודש.

שבת, יום טוב, און ראש חודש,
    דאַווען איך מיר אַליין פֿאַר זיך;
איך האָב מיר אַליין מײַן אָרון קודש,
    עס בעט ניט קיינער אין איהם — נאָר איך —

מײַן שווער האַרץ איז דאָרט דער עמוד,
    עס זעהט איהם קיינער ניט אַרוים,
די ליעבע איז דאָרטען, מײַן נר־תמיד...
    עס ברענט! — און לעשט קיינמאָל ניט אוים!

דער חזן בין איך — אַליץ איך אַליין,
    די צרות — העלפֿען מיר ווי זינגערם מיט,
טרויריגם, זינגען מיר אוים גאַנץ שען,
    פֿרעהליכם? — עפּעס געהט ביי אונז ניט!..

די האָפֿנונג הערט מען דאָרט פֿערזאָגען!
    מען הערט זי אַרוים, אויך ווען זי שווייגט!...
באַלד הערט מען זי דאָרט וויינען, קלאָגען,
    און די טרעהרען קלאַפּען צו, צום טאַקט! —



מ. מ. וואַרשאַווסקי.

# אַלף־בית.

אויפ'ן פריפּעטשיק ברענט אַ פייער'ל,
אונ אין שטוב איז היים,
אונ דער רבי לערנט קליינע קינדערליך
דעם אַלף־בית.

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
וואָס איהר לערנט דאָ;
זאָגט־זשע נאָכאַמאָל אונ טאַקע נאָכאַמאָל:
קמץ אלף — אָ!

לערנט, קינדער, מיט גרויס חשק,
זוי זאָג איך אייך אָן.
ווער ס'וועט גיכער פון אייך קענען עברי,
דער בעקומט אַ פאָהן.

זעהט־זשע, קינדערלעך א. אַז. וו.

לערנט, קינדער, האָט קיין מורא,
יעדער אָנהויב איז שווער,
גליקליך דער, וואָס האָט געלערנט תורה,
צי דאַרף דער מענש נאָך מעהר?

זעהט־זשע, קינדערלעך א. אַז. וו.

איהר וועט, קינדער, עלטער ווערען,
וועט איהר אליין פערשטעהן,
וויפיעל אין די אותיות ליגען טרעהרען
אונ וויפיעל געוויין...

זעהט־זשע, קינדערלעך א. אַז. וו.

אַז איהר וועט, קינדער, דעם גלות שלעפּען,
אויסגעמוטשעט זיין,
זאָלט איהר פון די אותיות כח שעפּען,
קוקט אין זיי אַריין!

עדט־זשע, קינדערלעך א. אַז. וו.

אויפ'ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז היים.
אַזוי לערנט מען מיט קליינע קינדערליך
דעם אלף־בית.

# אַ בְּרִיעף פון אַמֶעריקַא.

טייערע מאַמע, טייערע מוטער
דו מיין טייער כשר האַרץ,
צי ווייסטו ווי איך וויין אַזוי ביטער
און ווי גרויס איז דאָ מיין שמאַרץ?
אוי, וואָס וואָלט איך ניט געגעבען,
איך זאָל טאָן אויף דיר אַ בליק,
כ'וואָלט פאַר דיר געשטרעקט דאָס לעבען,
איך זאָל קומען צו דיר צוריק.
גאָר ס'איז ניט די דאָזיגע יאָהרען,
וואָס מען קען טאָן אַלעסדינג:
מאַמע, כ'קען צו דיר ניט פאָהרען־
שרייבען איז מיר דאָס ניט גרינג.
לאה'ניו לאָזט ניט, זי האָט מורא,
פאַר דעם פּריזיוו ציטערט זי,
און מיין פּיצעלע קינה, מיין דבורה,
האַלט מיך מיט די הענדליך צו.
אַז איך זעה זי, ווערט מיר גרינגער,
דו זאָלסט הערען, ווי זי רעדט!

ווי די ווייזט אונז מיט דעם פינגער
אויף דער באָבעניוס פּאָרטרעט.
און מיין שענער יונג, מיין סאַני
אַרבייט, גאָלדענע האָט ער הענד!
משה'ל זאָגט שוין מודה־אני,
רחל'ען וואָלסטו ניט דערקענט.
דו דערמאָהנסט דאָך זי מסתמא
און דו בענשט זיי אַודאַי דאָרט,
די געריסען דיך, טייערע מאַמע,
זיי געזונד!... נאָר נאָך איין וואָרט:
אַז דו וועסט אויפ'ן בית־עולם קלאָגען,
יאָהרצייט האָבען מיר ערב שבועות,
זאָלסטו דאָרט דעם טאַטען זאָגען,
אַז איך שיק איהם אָב אַ גרוס...
טייערע מאַמע, טייערע מוטער,
דו מיין טייער כשר האַרץ,—
צי ווייסטו ווי איך וויין אַזוי ביטער
און ווי גרויס איז דאָ מיין שמאַרץ?...

## דאָס ליעד פון דעם ברויט.

גרויסער גאָט! מיר זינגען ליעדער:
אונזער הילף ביזט דו אַליין!
נעהמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגעהן.

לאָז די זון אונז בריהען, בראָטען,
זי האָט אונז געשיינט צום גליק:
זעהט, דאָס ברויט איז אונז געראָטען...
קינדער, קיינמאָל ניט צוריק!...

גרויסער גאָט! דו העלפסט דעם מענשען,
אַז ער רופט צו דיר אין נויט!

זאָלסט אונז ווייטער טאַקי בענשען
מיט הצלחה און מיט ברויט!...

לאָזען אונזערע קינדער וויסען
פון אַ לעבען איף דער וועלט,
אַז דאָס ברויט, און יעדער ביסען,
איז פון אונזער אייגען פעלד!...

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער,
דו ביזט אונזער הילף אַליין!
געהמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגעהן!...





**שלום-עליכם.**

# שלאָף, מײן קינד!

(אַ וויעג-ליעד).

שלאָף, מײן קינד, מײן טרײסט, מײן שענער,
שלאָף, מײן זוהנעניו!
שלאָף, מײן קרוין, מײן קדיש אײנער,
ליולינקע ליו-ליו.

בײ דײן וויגעל זיצט דײן מאַמע,
זינגט אַ ליעד און ווײנט;
וועסט אמאָל פערשטעהן מסתמא,
וואָס זי האָט געמײנט.

אין „אַמעריקע" דער טאַטע
דײנער, זוהנעניו!
ביזט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת-עתה,
שלאָף זשע, שלאָף ליו-ליו.

דאָס „אַמעריקע“ פֿאַר יעדען,
זאָגט מען, איז אַגליק,
און פֿאַר אידען אַגן־עדן, —
עפּעס אַנאַנטיק.

דאָרטען ווייסט מען פֿון קיין גלות,
גזרות, זוהנעניו,
פֿון קיין צרות, קיין יללות,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

דאָרטען, זאָגט מען, זענען אידען,
קיין עין־הרע רייך.
יעדער לעבט זיך דאָרט צופֿריעדען, —
אַלע זענען גלייך.

דאָרטען עסט מען אין דערוואָכען
חלה, זוהנעניו!
יאַ'כלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

נאָר דערווייַלע לאָמיר האָפֿען,
אוי, וואָס קאָן מען טהון?
כ'וואָלט שוין לאַנג צו'ן איהם געטראָפֿען,
ווייס איך ניט וואוהין...

גאָט וועט הייסען, וועט ער שיקען
בריוולייך, זוהנעניו!
נאָר אין גיכען אונז בעגליקען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלער
זיין פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעהמען, לעבען זאָל ער,
אונז אַהינצצו.

ער הערט אַלץ פון אונזערטוועגען
שאַפען, וזהגעניו,
און הערט פאַדרען אונז אַקעגען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו-ליו.

און הערט האַפען דיך צום קושען,
שוויינען אַזש פאַר פרייד;
איך וועל קוואַלען טרעהרען גיסען,
וויינען שטילערהייד.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטעל,
דאַרף מען, וזהגעניו,
שלאָפען; ס'איז אַ טייער מיטעל, —
ליולינקע, ליו-ליו.





ש. פרוג.

# דאס יודישע קינד.

טיעף בעגראבען אין דער פינסטער,
ווייט פון לופט און ליכט —
זעהסט דו דארט דעם בלינדען ווארעם,
ווי ער קריכט?

אין דער ערד איז ער געבוירען,
און בעשערט
איז איהם אייביג, אייביג קריכען
אין דער ערד...

ווי א ווארעם אין דער פינסטער,
שוואך און שטום און בלינד —
לעבסט דו אב די קינדהייטס יאהרען,
יודיש קינד!

אויף דיין וויעגעל זינגט די מאמע
ניט קיין ליעד
פון א רוהיג-שטילען לעבען,
פרייהייט, פריעד.

פון די גערטנער, פון די פעלדער,
וואו דאס פרישע קינד,
שפּיעלט און פרייט זיך פריי און לוסטיג,
ווי דער ווינט.

ניין! א קוואל פון טיעפען יאמער,
רוישט און קלינגט...
אוי, ווי ביטער איז דאס ליעדעל,
וואס זי זינגט!

טיעפע זיפצען, הייסע טרערען,
מיט א שטארקע מאכט,
קלינגען, רוישען אין דעם ליעדעל
טאג און נאכט.

טיעפע זיפצען, הייסע טרערען,
הונגער, קעלט,
שלעפּען זיך מיט דיר צוזאמען,
אויף דער וועלט.

און פון וויעגעל ביז צום קבר,
אויף דעם לאנגען וועג,
וואקסען גאנצע וועלדער צרות,
אהן א ברעג...

# רעין און ליכטיג איז דער הימעל.

רעין און ליכטיג איז דער הימעל,
פריש און פרעהליך וועהט דער ווינד...
— „זינג מיר, זינג א זומער־ליעדעל!“ —
בעט דאס שוואכע, בלייכע קינד.

— „קום מיט מיר אין טאָל, אין גאָרטען,
פלעכט אַ קרענצעלע מיר אויס,
פון די בלומען, וועלכע וואַקסען
דאָרט און בליהען שען און גרויס...

אַך, מיין קינד! דו זעהסט? — צעבראָכען
הענגט מיין האַרפע אויף דער וואַנד;
אָבגעוועהנט שוין לאַנג פון שפּיעלען,
איז מיין שוואַכע, קראַנקע האַנד;

אָבגעוועהנט פון זיסע פריידען,
איז שוין לאַנג מיין קראַנקעס הערץ.
זומער, ווינטער, הערבסט און פריהלינג,
בלייבט אין איהם דער אַלטער שמערץ.

# אַ זומער־נאַכט.

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז פינסטער,
מיט שוואַרצע שאָטענס איז בעדעקט
דער שטילער טייך. די גערטנער שלאָפען;
עס ווערט מיט פרישע גראָז; עס שמעקט
פון וואַלד מיט שוואָמען און מיט בלומען;
די לופט איז ריין, און פריש און קיהל.
אַלץ שלאָפט און רוהט אין שטילען פריעדען, —
נאָר פון דער אַלטער וואַסער־מיהל
הער איך צוויי ליעבע, זיסע שטימען:
צוויי יונגע טויבען וואוינען דאָרט;
זיי וואָרקען, האַלזען זיך... ווי רוהיג
איז אויף זייער שטילען אָרט!...
איך געה אַהין. אַנ׳אַלטע ווערבע
שטעהט אויפ׳ן שטילען גרינעם ברעג;
זי איז מיין פריינד, זי איז מיין חבר
אין מיינע טרויעריגע טעג.

מיר זענען ליעב די אַלטע צווייגען,
וואָס הענגען טרויעריג אַראָב,
גלייך ווי פערצייטען ביי אַן'אבל
די האָר פון טרויעריגען קאָפּ.
זי איז מיר ליעב, די אַלטע ווערבע;
אָפט זיץ איך איינזאַם אונטער איהר,
און זי בעדעקט מיך מיט די צווייגען,
גיסט אויס אַ זיסע רוה אויף מיר.

פאַר וואָס־זשע ציטערסטו, מיין קראַנקעס,
מיין עלענד האַרץ אין פיין, אין שרעק?
די אַלטע טרויעריגע בילדער —
אַח, געהט אַוועק פון מיר, אַוועק!...
ניין, ברידער מיינע! אייביג טראָגען
מוז איך מיין גרויסען שווערען יאָך;
ניטאָ פאַר מיר קיין רוה, קיין פריעדען:
די אַלטע בילדער לעבען נאָך...

אין טיעפען שלאָף, אין שטילען דרימעל
שטעהט אויף אַ ווייטעס, ליעבעס לאַנד
מיט אַלטע הויכע גרויסע דעמבעס,
וואָס וואַקסען ביי אַן'אַלטער וואַנד...
ביי יענער וואַנד פון בית־המקדש,
וואָס איז פאַר אונז געבליבען שטעהן,
ווי אַ מצבה, אַ זכרון
פון דעם, וואָס איז אַמאָל געוועזן...
איך זעה דאָס פעלד, איך זעה די קברים,
אין וועלכע ס'ליגט דאָס אַלטע גליק,
די קראַפט און מוט און פרייד, פאַר וועלכע
עס איז ניטאָ קיין וועג צוריק...

פון באַרג נבו, פון ראש־הפסגה
שטעהט אויף אַ הויכער גרויער מאַן,
איך הער אַ קלאָג, אַ טיעפען יאָמער:
„ביז וואַן, דו שטאַרקער גאָט! ביז וואַן!"...

עס הויבט זיך אן א ווינט, א שטורם,
עס גערט א יאמער, א געשריי...
די גרויסע דעמבעס רוישען, ברומען,
די צווייגען ברעכען זיך אויף זיי. —

און פון דער אלטער וואנט טוט געהן
א קלאג פון גרויסען, טיעפען שמערץ...
שלאף איין, שלאף איין, דו אלטעס אומגליק,
גיב רוה צו מיין פערזאמערט הערץ!..

# זאמד און שטערען.

עס שיינט די לבנה, עס גלענצען די שטערען;
די נאכט שוועבט אויף בארג און אויף טאל...
דאס אלטישקע ביבעלע ליגט פאר מיר אפען, —
איך לייען עס, לייען דאס טויזענדע מאל

איך לייען די היילינע, טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך א שטימע: „איך שווער —
מיין פאלק, דו וועסט זיין ווי די שטערען אין הימעל,
ווי זאמד אויפ'ן ברעג פונ'ם מעער..."

רבונו של עולם! עס ווערט ניט פערפאלען
פון דיינע הבטחות קיין איינציגעס ווארט;
מקוים מוז ווערען דיין הייליגער ווילען,
אלץ קומט אין זיין צייט, אויף זיין ארט.

און איינס איז שוין טאקע מקוים געווארען,
דאס פיהל איך, דאס וויים איך געוויס:
מיר זענען געווארען ווי זאמד, וואס איז הפקר,
וואס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יא, גאטעניו, אמת, ווי זאמד און ווי שטיינער,
צושפרייט און צווארפען אויף שאנד און אויף שפאט.
נו, אבער די שטערען, די ליכטיגע, קלארע —
די שטערען, די שטערען — וואו זענען זיי, גאט?

# ציון.

ווי וואלקען אין שטורם-ווינד, ליפען און פליהען
אהן אנפאנג, אהן אויפהער די שטונדען און טעג;
די אלטע אלמנה — די טאכטער פון ציון,
זיצט טרויעריג, איינזאם ביים וועג...

פיעל רייזענדער פאהרען פארביי אידר און געהען,
זי ווענדט זיך צו זיי מיט א ביטער געוויין:
אך, זאגט מיר, צי האט איהר מיין קינד ניט געזעהען,
כיין עלענדען יתום?... — „ניין, אלטיטשקע, ניין!“...

זיי געהען און רייטען
פון אלע פיער זייטען
צום אלטען מזבח אין היילינען לאנד...
די טאכטער פון ציון
טוט וויינען און קניען,
אין שטויב צו פערבארגען איהר וועהטאג און שאנד...

עס געהען און געהען א טאג נאך א טאג;
עס פליהען די וואלקען, עס יאמערט דער ווינד
און טרויעריג גיסט זיך א ביטערער קלאג:
„— וואו ביסטו, וואו ביסטו, מיין קינד?!“

# פריהלינגס־ליעדער.

דאס טייבעלע וואָרקעט,
דאס טייבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט!

עס ציהען זיך, ציהען
פון הימעל און פאַלען,
ווי גאָלדענע פאָדעס,
די ווארימע שטראַהלען;

דאס ביהנעלע זשוממעט
און זינגט אָהן א מאָס
די זאפט פון די רויזען,
דעם טוי פון דעם גראָז.

עס בליהען די גערטנער,
עס גלענצען די בלומען
צו אונז איז דער זומער,
דער זומער געקומען...

„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט“...
דאס טייבעלע וואָרקעט,
דאס טייבעלע רופט.

דאס טייבעלע וואָרקעט,
דאס טייבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער, — ליכטיג
און פריש איז די לופט.

עס בליהען די בוימער,
עס שפּראָצען די בלומען,
צו אונז איז דער פריהלינג,
דער פריהלינג געקומען;

די פויגעלעך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל;
עס הערען זיך לידער
אַרום, אָהן אַ צאָהל.

די פישעלעך שווימען
אַרויף אויף די וועלען —
זיי טאַנצען אין וואַסער,
זיי שפּרינגען און קוועלען...

עס שפּראָצען די בלומען,
און פריש איז די לופט...
דאָס טייבעלע וואָרקעט,
דאָס טייבעלע רופט...

# די ריפ.

(אַ גְמָרָא).

אַז דער ליעבער בורא־עולם
האָט בעשטימט בעשאַפען חוה
(האָטש, אין תוך גערעכט, געוועזען
איז דער גאַנצער פּלאַן ציקאַווע),

האָט ער שטאָף — זאָגט די גמרא —
ניט פון אָדם'ס הענד גענומען,
ניט פון זיינע פיס און אויגען,
ניט פון קאָפּ, פון צונג, פון גומען:

ווייל עס ליגט אין קאָפּ די גדלות
און די תאוה אין די אויגען —
צוויי חסרונות, וועלכע דאַרפען
פאַר אַ פרוי דורכאויס ניט טויגען.

ניט פון אדם'ס הענד בעשאפען
האט זי גאט, זי זאל ניט וועלען
מיט דעם מאן מלחמה האלטען,
איבער איהם זיך העכער שטעלען.

ניט פון צונג און ניט פון גומען,
ווייל דאס זענען יענע כלים,
וואס מיט זיי, ווי מיט אנ'עמער,
שעפען מענשען דברים-בטלים.

פון די פיס — זי זאל ניט גלוסטען
פון דעם מאן א פליטה מאכען.
אט כדי זי זאל בעפרייט זיין
פון די אלע שלעכטע זאכען, —

פון דער ריפ האט זי געבוירען
דער בעשעפער — פון א שטומען,
בלינדען, אונשולדיגעןביינדעל
האט דער בורא זי גענומען..

אט דערפאר — זאגט די לעגענדע
פון די אלטע קלוגע יאהרען —
האבען ווייבער אלע מעלות
און קיין איינציגען חסרון...

# מיין ליעד.

איך בין א חזן אהן א עמוד
כמעט שוין פינף און צוואנציג יאהר.
דאך קלינגען מיינע תפילות תמיד
און כ'האב דער צו א שענעם כאר.

א גרויסען כאר פון אלע סארטען
פון אלע שטימען אויף דער וועלט:

מיליאָנען פֿויגעלעך אין גאָרטען,
מיליאָנען קווייטעלעך אין פֿעלד.

דער ווייַנשטאָק איז מיט מיר מתפלל
אויף טל-ומטר אין דער צייַט,
די וועלדער זאָגען מיט מיר הלל;
עס קלינגט און זינגט פֿון יעדער זייַט.

דער שטורם העלפֿט מיר בלאָזען תקיעות —
ער האָט אַ שופר גאָר אַ פּראַכט —
און הערען ממש איז אַ חיות
זייַן בלאָזען אין אַיין אָסיען-נאַכט;

מיר זינגט די זון מכלכל-חיים,
הושענות שלאָגט דער ווינט בייַם טייַך...
און מיט אַ ניגון גאָר אַ נייַעם
וויל איך די לידער זינגען אייַך.

מייַן האַרץ איז אָבער ווי אין רינגען
געפּאַסט, און ווייַנען ציהט עס מיך;
מיט וואָס איך הויב ניט אָן צו „זינגען,“ —
מיט „מן-המצר“ ענדיג איך...

# ליעד דער אַרבייט.

פֿאַר אייך, מייַנע אָרימע ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען צוזייט און צושפּרייט אויף דער וועלט
וואָס קריכען און בלאָנדזשען אויף טויזענדער וועגען,
אין רעגען, אין שטורם, אין היץ און אין קעלט.

פֿאַר דיך, אוי, דו אייביגער קרעכצער און זיפֿצער,
פֿערשוואַרצטער, פֿערקלאָגטער, פֿעריאָמערטער יוד,
טוט שאַלען און זינגען און הילכען און קלינגען
מייַן פֿרישעס, מייַן לעבעדיג-פֿרעהליכעס ליעד,

אין טויזענדער שטראָמען גיעסט זיך דאָס לעבען
און קומט פאָרט צום אַלטען, צום איינציגען ברעג...
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליהענדער גאָרטען,
פאַר טויזענדע — אַ שווערער, אַ זומפּיגער וועג.

אָ, לויב און געזאַנג דער מיה און דער אַרבייט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצען, ליעבענד און היים!
געזונד זאָלען זיין די הענד מיט מאָזאָליעס,
דער שטערען, פון וועלכען עס גיעסט זיך דער שווייס!

געבענשט זאָלען זיין די ווערקשטאַט, דאָס שפּינדעל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליהענדער גאָרטען,
פאַר טויזענדע — אַ שווערער און זומפּיגער וועג.

געשמאַק זענען, ברידער, דעם שרה'ס מאכלים!
געשמאַקער פון אַלעם — דאָס שטיקעלע ברויט,
וואָס ציהט זיך פון איינענער, עהרליכער אַרבייט
מיט שווייס און מיט מיה, אַבי נאָר אָהן נויט.

געשמאַק איז דעם שרה'ס שלאָף אין זיין צימער,
אויף ווייכענקע קיסעלעך, ווייס ווי דער שניי;
געשמאַקער — אַ שלומער פאַר נאַכט, נאָך דער אַרבייט
אין פעלד, אויף אַ קאָפּיצע פרישינקעם היי.

פיעל ליכטיגער שיינט די זון נאָך אַ רעגען;
די וואַרעמקייט — ליעבער און זיסער נאָך קעלט;
נאָר די, וועלכע האָבען דאָס אונגליק גענאָסען,
פערשטעהען וואָס גליקליך־זיין הייסט אויף דער וועלט.

די פייל איז פון שטאָהל, דער האַמער — פון אייזען,
גאַנץ איינפאַך געמאַכט און ניט איבריג שען,
מיט זיי אָבער מאַכט מען דאָס שווערד און דעם פאַנצער
און טאַקע די הייליגע קרוינען אַליין.

דער סערפּ איז פון שטאָהל, די סאָכע — פון אייזען:
קיין ציערונג קיין גרויסע זענען זיי ניט;

אין זיי אָבער ליעגט אונזער קראַפט, אינזער לעבען,
אָהן זיי איז אונמעגליך איין איינציגער טריט.

טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מיה און דער אַרבייט!
זינגט, גריסט זיי פון הארצען, ליעבענד און היים!
געזונד זאָלען זיין די הענד מיט מאָזאָליעס,
דער שטערען, פון וועלכען עס גיעסט זיך דער שוויים!

# די נאַטור.

ליכטיג שיינט דער אָווענד־שטערען;
שאָטענס ליעגען אויף די פעלדער;
פייכטע קיהלקייט וועהט און גיסט זיך
פון די גערטנער, פון די וועלדער.

און די גרויסע, אַלטע בוימער
שאָקלען מיט די גרינע בלעטער,
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי רוישען:
„— זעה, ווי פריש איז דאָ דאָס וועטער!"

טראָפּענס טהוי, ווי פּערעל, גלענצען
אין די לעצטע אָווענד־שטראַהלען,
אין די פייכטע, גרינע טאָלען
שלאָגען פרישע, קאַלטע קוואַלען...

„קום אַריין אין וואַלד! מיר וועלען
דיך ערפרישען און ערקרעפטען...
זיי מיט ווייכע, גרינע פּאָדעס
דיך בעשפּינען און בעהעפטען...

„מיט אַ שטילען, זיסען דרימעל
וועלען מיר דיין הארץ בעוועהען,
מיט אַ ליעבען, זיסען חלום
דיך ערקוויקען און ערפרעהען"...





ד. פרישמאַן.

# פאַר משיח'ן.

I.

בײַ דעם ירדן שטעהט אַ קוזניע;
און דער קאָוואַל און דער קוזניע
שטעהט בײַ דער מלאכה.
מיט דעם בלאָזזאַק בלאָזט ער דאָרט,
פּאָך-פּאָך! פּאָך-פּאָך! — בלאָזט ער דאָרט,
און מיט גליק און ברכה.

רויט אויף דער קאָוואַדלע גליהען
טוט דאָס אײַזען; טוט זיך ציהען,
קאָכען הײַס און זידען,
און דער האַמער קלאַפּט דערויף,
הוק-הוק! הוק-הוק! קלאַפּט דערויף,
קלאַפּט און טוט עס שמידען.

קלאַפּ-זשע, קאָוואַל! לאָזען שפּריצען,
לאָזען טויזענד פונקען בליצען,

פליהען ווי מלאכים — :
פון דעם האמער צוקט א בליץ,
פלים־פלאם ! פלים־פלאם ! צוקט א בליץ
און עס הונערט נאך איהם.

וואס־זשע, קאוואל, שמיעדסט דו דארטען
— „כ'שמיעה פון מיינע בעסטע סארטען,
בין זיך דא מטריח:
די פאדקאווע מאך איך פאר ן
הורא ! הורא ! מאך איך פאר ן
פערדיל פון משיח !"

.II

ביי דעם ירדן שטעהט א וועבשטוהל ;
און דער וועבער אויף דעם וועב־שטוהל
שטעהט ביי דער מלאכה,
בוימט די קעטע אויף דעם בוים,
וויק־וויק ! וויק־וויק ! אויף דעם בוים,
בוימט מיט גליק און ברכה.

פון דעם וועבער־לאדען פעדעם
שלעפט ער איצט צונויף, און יעדעם
ציהט ער דורך די קאמען ;
טרעט איצט פלייסיג אויף דער שאפט,
טריפ־טראפ ! טריפ־טראפ ! אויף דער שאפט,
שיסט דעם שוס צוזאמען.

קוים צו זעהן מיט די אויגען
לויפט די שיף ; א פייל פון בויגען
לויפט דאס וועבער־שיפעל :
פלינק אהין און פלינק אהער,
ציק־צאק ! ציק־צאק ! פלינק אהער,
און מען זעהט ניט וויפיעל

וואַס־זשע, וועבער, וועבסט דו דאָרטען
— „כ׳וועב פון מיינע בעסטע סאָרטען,
בין זיך דאָ מטריח,
און דאָס מלבוש מאַך איך פאַר ן —
הורא! הורא! — מאַך איך פאַר׳ן
הייליגען משיח!“

.III

ביי דעם ירדן זיצט אַ שטיקער
פאַר דער שטיקערײַ; דער שטיקער
טהוט איצט זיין מלאכה.
אויף דער קאַנווע שטיקט ער איצט,
פיק־פיק! פוק־פיק! שטיקט ער איצט,
און מיט גליק און ברכה.

צעהלט די שטיק און צעהלט די אויגען,
אויף דער ראַמקע אויפגעצויגען
זענען זיידען־שפיצען;
זייד און גאָלד און זילבערוואַרג,
צאַ־צאַ! צאַ־צאַ! זילבערוואַרג,
און מען זעהט עס בליצען.

קלעפעל־שטיק און אַפּליקאַציע,
קעטעל־שטיק און מיט פונקטאַציע,
גאַנץ און אויך געבראָכען, —
אַלעס, אַלעס מאַכט ער דאָרט,
שטיך־שטאָך! שטיך־שטאָך! מאַכט ער דאָרט,
קליין און פיין געשטאָכען.

וואָס־זשע, שטיקער, שטיקסט דו דאָרטען
— „כ׳שטיק פון מיינע בעסטע סאָרטען,
בין זיך דאָ מטריח,

און די פאָהן, די מאַך איך פאַר'ן —
הוראַ! הוראַ! — מאַך איך פאַר'ן
מלך המשיח!"

## .IV

אין דעם הימעל וועקס מלאכים
רוישען פלינק; און די מלאכים
טוען זייער מלאכה.
פאַר גאָט'ס שטוהל דאָ שטעהען זיי:
הוראַ! הוראַ! שטעהען זיי,
בעטען גליק און ברכה.

אַלעם בעסטע, אַלעם שענסטע,
אַלעם פיינסטע, אַלעם ריינסטע
עדעלסטע און נייע, —
אַלעם דאָס, דאָס נעהמען זיי, —
הוראַ! הוראַ! — נעהמען זיי,
און אויך אַלעם פרייע.

אַלעם מיטלייד מיט דעם קראַנקען,
שוואַכען מענש און אויך אַ בלאַנקען
שטאַרקען גייסט, אַ פרישען, —
אַלעם דאָס, דאָס נעהמען זיי, —
הוראַ! הוראַ! — נעהמען זיי
און זיי טוען עס מישען.

וואָס, מלאכים, מאַכט איהר דאָרטען?
— „מאַכען פון די בעסטע סאָרטען,
וועגען זיך מטריח;
די נשמה מאַכען מיר —
הוראַ! הוראַ! — מאַכען מיר
פאַר דעם הער משיח!"

דאָך, אַך, וועה אונז, וועה אונז אַלע!
פֿאַרטיג האָבען שוין, אַך, אַלע
אַנדערע די מלאכה;
מיר אַליין נור זעהען נישט,
וועה אונז! וועה אונז! זעהען נישט
נאָך קיין סימן ברכה!

נישט געניג איז מן הסתמא
פֿאַר אַזעלכענע נשמה
אַלע אונזערע שטאַפּען;
האָבען אָפּשר אַלץ מיט זיי,
וועה אונז! וועה אונז! אַלץ מיט זיי
נאָך נישט גוט געטראָפען.

נישט געניג איז נאָך דאָס ריינע,
נישט געניג מסתם דאָס שענע,
נישט דער שטאָף דער עכטער;
אָפּשר איז גאָר אויך דער קרעכץ,
וועה אונז! וועה אונז! אויך דער קרעכץ
גאָר נאָך נישט דער רעכטער!"

און עס וויינען די מלאכים;
און אַ קרעכץ, אַ צווייטען נאָך איהם
הער, אַ ביטערליכען —
פֿאַרטיג ביז היינט איז נישט די,
וועה אונז! וועה אונז! איז נישט די
נשמה פֿון משיחן!

---

# די נאַכט איז שטיל.

---

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז בלוי —
מיר בײדע געהען צוזאַמען;

עס שלאָפען שטיל די גאַסען שוין,
נאָר שטילע שטערען פלאַמען.
און בלויז די נאַכט, און שטיל די נאַכט,
די שאָטענס טוען זיך יאָגען!
איך הער דעם ווידער־קול ביים געהן
דיין הערץ, איך הער עס שלאָגען.

זיי רוהיג קינד, לאָז רוהיג זיין
דיין אויפגערעגט געוויסען!
דער טאַטע שלאָפט, די מאַמע שלאָפט —
און וועלען גאָרנישט וויסען.

מיר געהען שטיל: מיר זעהען נאָר,
דער דין געהט, דער אַלטער;
ער געהט גאָר מיעד, און אין דער האַנד
אַ שווערען ספר האַלט ער.

דער אַלטער איז אַ גוטער מענש
און וועט אונז נישט פער׳מסר׳ן —
זיי רוהיג, קינד, און האָרך, ווי שען
עס רוישען שטיל די וואַסערן.

דער אַלטער געהט אין שול אַריין,
ביינאַכט לערנט ער דאָרט תורה,
און אונזער סוד נעהמט ער מיט זיך
אַך, קינד, וואָס האָסטו מורא?

און אונזער סוד בעגראָבט ער דאָרט
אַריין אין זיינע ספרים —
זיי זענען פאַר אַ זעלכען סוד
נאָר הייליג־שטילע קברים.

און פון די שטילע ספרים וועט
דער סוד צום הימעל פליהען,
און פאַר די פּוס פּוּנים גוטען גאָט
וועט ער זיך פאַר אונז מיהען.

# די פישער.

(שאַטיש מאָטיוו).

דריי פישער פאָהרען צום פישען אַרויס
אין נעבעל, אין גרויען, גאָר ווייט אויפ'ן מעער.
זיי טראַכטען פון ווייב און פון קינד און פון הויז,
פון אויגען, וואָס קוקען זיי נאָך ביז אַהער —:
די אַרבייט דעם מאַן, די טרערען דער פרוי,
און שווער זענען זאָרגען און לעבען איז גרוי —
און פינסטער שטורמט דאָס מעער.

דריי פרויען בליקען אַרויס פונ'ם טורם
אויפ'ן ברעג, אינ'ם נעבעל; דאָס ליכט איז גאָר קליין.
זיי בליקען אין ווינט, זיי בליקען אין שטורם.
און שווימען שוין ברעטער — צובראָכען — אַליין —
די אַרבייט דעם מאַן, די טרערען דער פרוי,
און פאַל'ש איז די וועלע און וואַכער איז רויה —
און שטורמיש שוימט דאָס מעער.

דריי טויטע ליעגען גאָר שטיל אויפ'ן זאַמד;
די מאָרגענזון פונקעלט, דער ווינט איז אַוועק.
עס בליקען דריי פרויען אַהין אויפ'ן זאַמד,
און בליקען און בליקען אַהין אויפהער, אָהן עק: —
די טרערען דער פרוי, די אַרבייט דעם מאַן,
און קורץ איז דאָס לעבען, אַ שפאַן נאָך אַ שפאַן —
און ליכטיג גלאַנצט דאָס מעער.



פרעמד צווישען די פרעמדעסטע מענשען
דרעה איך מיך עלענד אַרום.
זיי קוקען מיך אָן פאַרוואונדערט;
מיין וועהטאָג איז שטיל און שטום.

און זאָל איך דערצעהלען מײן װעהטאָג,
װער װעט איהם פון אײך דען פערשטעהן?
און זאָל איך מײן װאונד אײך אויך װײזען,
איהר װעט גאָר נישט האָבען געזעהן.

שוין פאַלען די בלעטער, די געלע,
שוין בלאָזט גאָר רויה דער װינד —
װאָס װײסען די מענשען, די פרעמדע,
װאָס עס פעהלט דיר, אומגליקליך קינד?

נישט װײט פון אַ בוים אַ שטאַרקען,
ליגט אָבגעבראָכען אַ צװײג;
איהם חלומט פון בוים נאָך אַצינדערט —
איך קוק אויף איהם שמערצליך און שװײג.

איך זעה פיעל טויזענד שװאַלבען,
זײ פאָהרען קײן דרום אַהין —
אוי, נעהמט מיך דאָך מיט, איהר חברים,
אוי, קראַנק, אוי, װי קראַנק איז מײן זין!

❋ ❋

❋

אַלײן בין איך געזעסען בײ דעם װאַסער,
בײם גרױסען ים. דער טאָג לעגט זיך שוין שלאָפען;
און בלאַס װערט שוין דאָס ליכט, און אַלץ נאָך בלאַסער,
און בלוי די לופט פון דרום ביז קײן צפון,
פון מזרח ביז קײן מערב. װי פעמעליך
יעצט ציטערט אויף דעם װאַסער גאָט'ס נשמה!
און װי זי ציטערט, שטיל און הײליג, צעהל איך
איהר אָטעמען, װי אַ הײליגע נתמה.
און שטילע לידער, װי פער'חלומ'ט, זינגען
די װעלען שלעפריג פאַר דעם שלאָפען=געהען,
און װײסע שטיקער שוים נאָר שפרינגען, דרינגען
צום ברעג אַהער און פלאַצען און פערגעהען.

הער, אין געמייזעלטס רוישען זיס די שטילע
און וואונדערליכע סודות! גיך און גיכער
וועבט יעצט און שפינט די נאכט די שווארצע הילע,
און דריקט זי ווייך און דריקט זי גוט און זיכער
אראב הארט אויף די גלאטע בלויע לאקען
פון גרויסען ים. — מעהר הערט זיך גאר ניט הירען
און היילינ-שטיל, און ווי אויף זיידנע זאקען.
הערט זיך גאט׳ס גייסט אליין נאר יעצט שפאצירען —

און מיך האט אנגעחאפט א היים פערלאנגען,
א ווילד פערלאנגען פלוצלונג טיעף אין הארצען
צו דיר, צו דיר, מיין קינד! און ווי מיט צוואנגען
האט׳ס מיך צו דיר געצויגען דורך דעם שווארצען
און שטילען טויט, צו דיר, צו דיר, מיין לעבען!
צו קליין בין איך אליין דא צו געניסען
דאס גאנצע גליק, וואס איז מיר דא געגעבען,
דאס גאנצע גליק, וואס טהוט ארום מיר פליסען —
און איך בין עלענד, עלענד זעהר און ארעם!
און ווייסט די ערד און ווייסט דער הימעל איבען
און מזרח, מערב ווייסט, און צפון, דרום —
און הויך האב איך צו וויינען אנגעהויבען!





## י. ל. פּרץ.





וואָס גענאַרט איהר, בלאַנקע בליצען?
  און דער דונער, וואָס פערשאַפט?
ד'זייט דעם הימעלס פוילע וויצען,
  נישט זיין ליכט און נישט זיין קראַפט!

ס'בליצט? קאַטאָווים טרייבט דער הימעל;
  ס'בלייבט די פינסטערניס אָהן ברעג!
און עס שיינט דער אַלטער שימעל,
  און עס דריקט די אַלטע שרעק!

ס'האָט געדונערט! פעסט דאָך שטעהען
  ד'אַלטע תפיסות וואַנד אָן וואַנד!
אינ'ם סטעפּ דאָרט וועט עס דרעהען
  רעהרליך גלאָזערנע פון זאַנד!

פאַלשע דונער, פאַלשע בליצען — —
  נישט צערשטערט און נישט געשאַפט!
ד'זייט דעם הימעלס פוילע וויצען,
  נישט זיין ליכט און נישט זיין קראַפט!



וואו ס'וועט מײַן מזל מיך ערגיץ פֿערוואַרפֿען
אויף לאַנגע, אויף טרויריגע יאָהרען — —
געדענק! פֿאַר רחמנות חאָטש לאָז מיר נאָך איבּער
אַ פּיצעלע אָרט אין זכרון...

וואָס איך וועל ליידען, די ערד וועל איך קוהלען,
דאָס האַרץ וועלען ווערם מיר אויפֿעסען,
איך וועל געדענקען! — איך וועל דערפֿיהלען,
ווען דו וועסט פֿערגעסען!

# טרייסט.

טרייסט מײַן פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פֿעסט דעם גײַסט.
זיית נישט דעם ווינד, וואָס לעשט די פֿלאַם,
נור בלאָזט זי אויף, ווײַל נאַכט איז סם!
נור בוימעל גיעסט און פוצט די קנויט,
ווײַל נאַכט איז גיפֿט און שלאָף איז טויט!
טרייסט מײַן פֿאָלק, עס דאַרף די טרייכט!

מאַכט פֿעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט, —
עס האָט געלײַכט שוין נישט איין נאַכט,
עס האָט געזיעגט שוין נישט איין שלאַכט.
און נישט געלאָזט די פֿאָהן פֿון האַנד!
עס שטעהט — אַיין אייזען-פֿעסטע וואַנד!
אין וויסטען, ווילד-פֿערקאָכטען ים!
שטאַרקט דאָס פֿאָלק! בלאָזט אויף די פֿלאַם!

# וואס טראכטען און קלערען?

(נאכאהמונג).

וואס טראכטען און קלערען
גערונצעלטע שטערען,
ווען ס'ווערען אין האויגען
פערבאקען די טרערען?
וואס טראכט און וואס חלומ'ט
די שטומפיגע קוואל?
צי בליצט דארט האטש איינמאל
אין לעבען די שטראהל.
וואס לייכט אונז ביים זוכען
אין פינסטערע טעג
דער ארימער מענשהייטס
פערלוירענעם וועג?

וואס טראכטען, וואס קלערען
די אלע, וואס שטופען
די טאטשקע פון צרות?
צי שיינט אויף די ליפען
וואס שיילען זיך, ברענען
פון אייביגע זארגען,
האטש איינמאל א שמייכעל —
איין אבגלאנץ פון מארגען,
פון גליקליכען מארגען,
וואס אונז מאכט בעקאנט
דעם פינסטערן הימעלס
פערגאלדעטער ראנד?

וואס טראכט זיך דער הונגער
אין קעלער פערשמאכט?
דער שלאף וויל נישט קומען
און שטיל איז די נאכט;

צי הערט ער אין שטילען
דעם אייזערנעם קלאנג — —
דעם טריט פון די צייטען,
פון דורות דעם גאנג...
צי שפאלט זיך דער הימעל?
ביי גאט אין דער האנד
צי זעהט ער דעם הונער?
צי ווייס ער, ס'איז קראנט?



שטאלץ געהט אב די זון,
אין פורפור געהילט!
שטאלץ זאגט זי: גוט נאכט!
„מארגען בין איך דא".

עס פערוועלקט די בלום
נור איהר ווארצעל לעבט,
אריבער וועט דער שניי,
בליהען וועט די רויז!

דער פויגעל פליהט אוועק
מיט לוסטיגען „אדיע!"
מיט דעם פריהלינג-שטראהל
וועקט אויך מיין געזאנג!

אלץ שטעהט אויף צוריק,
שיינט און בליהט, און זינגט,
נור א הארץ, אז ס'ברעכט —
ניין, דאס לעבט נישט מעהר!

# מיין ניט...

מיין ניט, די וועלט איז א קרעטשמע — בעשאפען
מאכען א וועג זיך מיט פויסטען און נעגיל
צו'ם שענק-פאס, און פרעסען און זויפען, ווען אנדרע
קוקען פון ווייטען מיט גלעזערנע אויגען,
פער'חלש'ט און שלינגען דאס שפייעכץ און ציהען
צוזאמען דעם מאגען, וואס ווארפט זיך אין קרעמפפען —
א, מיין ניט, די וועלט איז א קרעטשמע!

מיין ניט, די וועלט איז א בערזע — בעשאפען
דער שטארקער זאל האנדלען מיט מידע און שוואכע,
זאל קויפען ביי ארימע מעדלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטען, ביי מענער
דעם מארך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכעל,
דעם זעלטענעם גאסט אויפ'ן וואקסענעם פנים — —
א, מיין ניט, די וועלט איז א בערזע!

מיין ניט, די וועלט איז א הפקר — בעשאפען
פאר וועלף און פאר פוקסען, פאר רויב און פאר שווינדעל.
דער הימעל — א פארהאנג, אז גאט זאל ניט זעהען;
דער נעבעל — מען זאל אויף די הענד דיר ניט קוקען;
די ערד — איינצוזאפען דאס בלוט פון קרבנות —
א, מיין ניט, די וועלט איז א הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאסטען ווערט אלעס, געוואויגען ווערט אלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיגע טראפען פערגעהען,
אומזיסט ווערט קיין פונק אין קיין אויג ניט פערלאשען!
פון טרערען ווערן טייכען, פון טייכען ווערן ימים,
פון ימים — א מבול, פון פונקען — א דונער, —
א, מיין ניט, לית דין ולית דין!...

# פון יְחֶזְקאל.

(קאפיטעל ל"ג).

עס שלייכט צו א שטאדט ביינאכט
די שווערד!
נור אויפ'ן טורם דער וועכטער וואכט —
ער הערט!

און בלאזט טראמפייט
און שמעטערט מיט מאכט,
עס ציטערט די נאכט
דאס פאלק ערוואכט — —
דער שונא געהט, דער שונא געהט!
און ס'פלאקערט אויף די שלאכט,

אין הויף, אין גאס,
אויף מויר און וואנד,
פאר ווייב און קינד,
פאר פאלק און לאנד!

פאר רעכט און פריי געהט אלץ אין קאן.
ווער זיעגען וועט, דאס ווייסט איין גאט;
דער וועכטער
דאך זיינס געטאן!
ער האט זיין עהרע ניט בעפלעקט,
ער האט געוועקט!
ער האט געדיענט זיין פאלק, זיין לאנד!

נאר וועה דעם וועכטער, שפאט און שאנד,
וואס האט ביינאכט
איין אויג פערמאכט
און ערוואכט
ערשט אין דער בראנד!

# דריי נייטארינם.

די אויגען רויט, די ליפּען בלאָה,
קיין טראָפּען בלוט אין באַק נישט דאָ,
דער שטערן בלאַס, בעדעקט מיט שווייס!
דער אָטעם אָבגעהאַקט און הייס — —
עס זיצען דריי מיידלעך און נעהען!

. . . . . . . . . . . . .

די נאָדעל — בלאַנק, די לייוואַנד — שניי,
און איינע טראַכט: איך נעה און נעה!
איך נעה בייטאָג, איך נעה ביינאַכט,
קיין חופּה-קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס — איך נעה?

ניט איך שלאָף און ניט איך עס...
איך וואָלט געבען אויף מאיר בעל-נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיהט:
איין אלמן, חאָטש, איין אַלטער איד,
מיט קינדערלעך אַ שאָק!

. . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט: איך נעה און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אויס נאָר גראָהע צעפּ!
דער קאָפּ — דער ברענט, די שלייף — די האַקט,
און די מאַשין — זי קלאַפּט צום טאַקט:
— טאַ-טאַ, טאַ-טאַ, טאַ-טאַ!

איך פֿערשטעה דאָך יענעמס ווינק!
אָהן אַ חופּה, אָהן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיעל, אַ טאַנץ
אַ ליעבע אויף — אַ יאָהר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפייט מיט בלוט און זינגט:
איך גיה מיך קראַנק, איך גיה מיך בלינד!
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדען שטאָך,
און ער האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קיין שלעכטס!

עט, אַלץ פערגעסען וואָס אַ מאָל...
תכריכים וועט מיר געבען קהל,
אויך אַ קליינטשיק פיצעל ערד
איך וועל רוהען אונגעשטערט,
איך וועל שלאָפען, שלאָפען!....

# ביי דעם פרעמדען חופּה־קלייד.

(אַ סצענע פון וואַרשאָווער לעבען).

אין אַ מאָדע־מאַגאַזין.

פערזאָנען: מאַדאַם, צווי מאָדיסטקעס און האַנד־מעדלעך.

מאַדאַם.

היינט ווערט געשטעפּט און גענעהט,
היינט וועט מען לעדיג נישט זיצען!
שוריי — טוריי — מוריי!
זעהט נור די גאַזען, די שפּיצען!
זעהט, ווי דאָס ניידענס וועט בליצען!

אַ שלעפּע וועט זיין גאָר אַ מורא!
אודאי צעהן איילען די שלעפּ!
היינט־נאָך — בריליאַנטענע קנעפּ!
זעהט — מען געטרויט אַזאַ סחורה!

האַנד־מעדלעך (כאָר).

אָט האָט איהר אַ וואונדער,
ד'לעבען, קיין שפּאַס!

צי הייסט דען נישט „פּאָווע” —
יאָ פאַווע — די גאַס,

וואו ס'שטעהט זיך אַ מויער
גאַנץ געלבליך און בלייך,
דאָך פעסט ווי אַ פעלזען
דריי שטאָק אין דער הייך!

די פענסטער — אין אייזען,
די טויער'ן — פערמאַכט...
עס געהט נאָך אַ זעלנער
אַרום אויף דער וואַכט!

אַי! האָרטען צו וואוינען
איז טרויריג און באַנג!
עס שלאָגט דורך די מויערען
דאָס קייטען-געקלאַנג...

עס קלינגט אַזוי טרויריג
דין-דאָן און דין-דאַס!
אָה, ריהרט נישט דאָס זיידענס,
ניט-ציעפּיט, מאַדאַם!

### די ערשטע מאָדיסטקאַ

סאַטען-דע-ליאָן ... און די שפּיצען, די גאַזען,
עס פעהלט נאָך ברילליאַנטען צום רומעל...
די וואַנען און בלומען, און לאָמפּען ... די כלה
וועט אויסזעהן — אַ מלאך פון הימעל!

### האַנד-מעדלעך (כאָר).

נישט קיין גראָשען פאַר דער דירה,
און אין מויל קיין ביסען!
ד'חיל ביי'ם מלאך פאָרשוים בעטען;
ניין, זי וויל נישט וויסען

מלאך, גיב פאראויס א רובל!
ניין, זי גיבט נישט פריהר!
דוויל פערצעהלען איהר פון הונגער, —
ווייזט זי מיר די טהיר!

אוי, עס זעצט מיר אין די שלייפען,
דאכט זיך מיר, אט-פאל-איך,
„נור אהן קונצען, נור אהן פאקסען, —
לאכט מיך אויס דער מלאך!

. . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האט דעם מלאך'ס לאכען
ביז אהיים געהעצט!
און איך האב דעם מלאך'ס ווידענס
אויף א ברויט פערזעצט!

און עס איז אראבגעפאלען
פלוצלונג ווי פון הימעל,
אוי, דער מלאך מיט א לאפאיץ,
טאקי ווי צום רומעל!

און מיך האט פערזארגט דער מלאך
אויף די גרויסע פרעסט,
אוי, אויף גאנצע דריי חדשים
מיט קווארטיר און קעסט!

## די צווייטע מאדיסטקא.

בלאס איז דאס ווידענצייג פונקט ווי מיין פנים על
דורכזיכטיג-דין ווי מיין הויט...
ריהרט מען עס, קרעכצט עס „אוי!" פונקט מיינע ביינדעלעך —
דאס הייסט א גליקליכע מויד!

היינט וועלען קומען בריליאנטענע קנעפליך,
גרויסע, ווי ארימע טרערען!
נו, איל דיך רעדעלע, איל דיך, טרעקאטשע,
ד'זאל מיינע ביינדל'ך נישט הערען!

טראַך – טראַך – טראַך, ביינדעלע! טור–טור–טור רעדעלע!
שלאָג׳מיר דאָך גלייך מיט׳ן זייגער...
טראַך–טראַך–טראַך, ביינדעלע! טור–טור–טור, רעדעלע!
ווען וועל׳מיר רוהען, אַ שטייגער?

## האַנד־מעדלעך (כאָר).

עס איז פאַרהאַן אַ שטיבעלע
אויף אַ שטילער גאַס!
ס׳האָט קיין טהיר, קיין פענסטעריל –
אייביג שטיל און נאַס!

חאָטש מען צאָהלט קיין דירה געלד
וואַרפט מען נישט אַרויס!
דאָרטען רוה׳ן אויף אייביג שוין
די ביינדעליך זיך אויס!

פון קיין שטעפען ווייס מען נישט,
עס ווערט שוין נישט גענייט,
צום שטיבעלע קומט איטליכער
אויף אייביג שוין בעקליידט!

## די צווייטע מאָדיסטקאַ.

שטעפ, נאָדעל, שטעפ די בראַבאַנדערנע שפיצען –
פאַר איהר, פאַר איהר!
תכריכים׳לעך וועסט דו נאָך גיך און באַלד שטעפען –
פאַר מיר, פאַר מיר!

עס בליצען בריליאַנטען, עס שמייכעלט די כלה׳שי –
שען אַזוי, ליעב!
ווען וועט אַ שמייכעל מיין פנים בעשיינען?
אין גריב, אין גריב!

ער וועט זי טוליען, צו קנייטשען די שפיצען
אין האַרציגען שטורם!
ער וועט זי טוליען, צוקנייטשען די שפיצען
אַ וואָרם, אַ וואָרם!

### „לוסטיג=לעבען“ (א יונג האנד=מעדעל).

וואס פערסמ׳ט איהר מיר דאס לעבען?
זינגט נישט אזוי שרעקליך!
ד׳האב קיין סאמיט און קיין אטלאס —
נור די רויטע באקליך!

ד׳האב קיין שפיצען, קיין בריליאנטען,
ווייס איך וואס זיי טויגען!
ד׳האב א האלז, איין אלאבאסטער,
צוויי בריליאנטען — אויגען!

ד׳דארף קיין פערל, זעהט די צעהנדליך,
אח — ווי זיי געפעלען!
און די יונגע, פרישע ליפלעך
זענען מיינע קרעלען!

פעהלט מיר געלד דען? זעהט די לאקען!
און וואס גליק איז — ווייס איך!
לאזט מיך לאכען, לאזט מיך לעבען,
„לוסטיג=לעבען“ הייס איך!

### האנד=מעדלעך (אויסער לוסטיג-לעבען).

אויף יעדער גאס, אין יעדען הויז,
שטעהט א קאסטען מיסט!
קלויבען לאזט מען פראנק און פריי
שמאטעס גאר אומזיסט!

און — ווערט „לוסטיג-לעבען“ אלט,
ווייסט איהר, וואס איהר גליסט?
מאכט א שטעקעלע זיך פיין,
גראבילט זיך אין מיסט!

### די ערשטע מאדיסטקא.

יונגער=הייט א העזעלע,
געשפרונגען און געקושט;

צונד האָט עס קיין געזעלע
אונ קיין גומען נישט!

## די צווייטע מאָדיסטקא.

זי וועט זיצען צווישען בלומען
אויף אַ דיוואַן — רייך!
און מיר מאַכט אויף דר ערד אַ ביסל
שטרוי נור גלייך!

זי דאַרף שפּיגלען, זשיראַנדאָלען
לאָמפּען אַלערליי;
מיר צו קאָפּענס — גראָשענדיגע
ליכטליך צוויי!

אָהן מוזיק אויך פיהרט מיך לעגען,
ווען אויך היינט ביינאַכט,
ווילט איהר דוקא — ווייגט אַביסל,
ווילט איהר — לאַכט!

## מאַדאַם.

שטילער, שטילער, שטילער,
שטיל איין אויגענבליק!
טוריי — טוריי — טוריי!
אָט, דאָס הייסט מוזיק!

וואָס האָט איהר פון די לידער?
דריקעניש נישט מעהר!
עס ציטערן די ברעמען,
אָט, אָט, פאַלט אַ טרער...

און, אַז טרערען פאַלען
פון דער שווערער גוט, —
אויף די ווייסע קליידער,
ווערט אַ פלעק אויף טוט.

טוריי — טוריי — טוריי!
אַט, דאָס הייסט מוזיק —
האָט איהר ניט קיין אייגענס
זינגט פון פרעמדען גליק!

## אַלע (כאָר).

עס איז געווען אַ מעדעלע,
אַ מעדעלע אַ פּראַכט,
עסען עסט עס יעדען טאָג,
שלאָפט זיך יעדע נאַכט!

ליפּליך האָט זי רויטענקע,
רויטענקע, וואָס נישט?
נאָך נישט קיין צובּיסענע,
נאָך נישט אויסגעקושט!

און זי האַלט דאָס קעפּעלע
חנ'דיג און שטאָלץ! —
זאָרגט עס אויף אַ ברייטעלע
קוילען אָדער האָלץ?

און אייגעליך — כּער תלומטע,
בּלומעליך גענוי!
בּלומעליך, און כּלה-חן
ליגט אויף זיי ווי טוי!

צונה געהען מיר דעם מעדעלע
צו מזל און צו גליק —
אַ זיידען תּופה-קליידעלע,
אַ קליידעלע אַ שיק!

מען וועט איהר געבן אַ מאַנעלע,
אַי, דעם יונגען בּלוט...
אַי — אַי — אַי! דאָס מאַנעלע
קאָנען מיר האָך גוט!

## מאהאם.

אוי, נארישע קנאה!
איך קען דיך פון לאנג,
איך קען אויך דיין צינגעל —
די גיפטיגע שלאנג!

אוי, נארישע קנאה!
די גאל איז דיין הארץ —
גאלד וואס איז? בלאטע!
דער שניי איז דיר שווארץ!

די זון האט דאך פלעקען,
די שטערן — צו קליין!
מיינט: זי פרעסט יענעם
און פרעסט זיך אליין!

## אלע (כאר).

עס איז געווען א מאמעלע,
א מאמעלע, א פיינס!
זי האט געהאט א טעכטעריל,
א טעכטעריל א קליינס!

און עס האט דאס מאמעלע
דאס טעכטעריל געקישט,
געקישט, געהאלזט, געווארענט עס:
זיי קיין נאשער נישט!

קוק נישט אויף איינגעמאכטס,
ד'אויגען האלט פערגלייזט!
טו נור וואס דער טאטע וויל,
און וואס די מאמע הייסט!

און וואס גוטע, פרומע לייט
עס ראטען דיר, מיין קינד!
זעהסט דו נאשען, קוק אוועק!
בעסער — מאך דיך בלינד!

זאָגט מען, חס ושלום, דיר:
„איינגעמאַכטס איז זיס!“,
ואָלסט דו ווערן פייער־פלאַם,
טופּען מיט די פיס!

פאַר דאָס וועל איך שפּעטער דיר
קויפען אויפ׳ן מאַרק,
אם ירצה השם, אַ ניסעלע,
ווייסט, איך בין נישט קאַרג!

פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד —
אַ ניסעלע פון גאָלה,
פאַר דיר אליין אַ ניסעלע,
ועסט עס האַקען האָלה!

פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד
אַ נוס פאַר דיר אליין...
און דו וועסט עס קושען פריי,
און קנאַקען מיט די ציינער.

און עס פאָלגט דאָס טעכטעריל,
וואָס טאַטע־מאַמע הייסט
און זי האַלט אַ גאַנצען טאָג
די איינגעליך פערגלייסט

רייטעלט זיך, אַז איינגעמאַכטס —
זאָגט מען איהר — איז זיס,
ס׳צאַפּעלט איהר דאָס הערצעלע —
זי טופּעט מיט די פיס!

עס קומט די צייט, דאָס מאַמעלע
האַלט איהר וואָרט, נישט קאַרג!
פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד
קויפט זי איהר אין מאַרק

אַ פערגאָלדעט ניסעלע.
אַי, ס׳איז מלא חן!

מיט ציטערדיגע הענדטעליך
האפט זעם אויף די ציינען!

האפט עס אויף די צייהן און קנאקט —
אי! די נום איז פויל,
עס שפייט און שפייט דאס ווייבעלע —
טאביק פול אין מויל!

— מאמע, ווייסט דאס טעלטעריל
די יאנדערע וואו איז?
„מאמעשי" און „מאמע־קרוין",
איז דאס דער טעם פון נים? —

דאס הארץ טוט וועה דעם מאמעלע;
דאס פנים מאכט זי גלאט: —
„עס איז אזוי! דיין מאמעלע
האט אויך אזוינס געהאט"!

## מאדאם.

נישט דארט איז גליק, וואו ציערונג בליצט,
וואו עדעלשטיין מיט פונקען שפריצט,
נישט אלץ איז גאלד, וואס בלאנקט און גלאנצט;
נישט דאס איז פרייד, וואס לאכט און טאנצט:
עס מיידט גאנץ אפט דאס גאלדענע בעט
דער שלאף; דעם גרויסען זאל — די זעט,
ווי אויך דאס גליק דעם זאק מיט געלד, —
דאס ווייסט שוין לאנג די גאנצע וועלט!

## די ערשטע מאדיסטקא.

אמאל איז געוועזען, נור וואו? מן הסתם
דארט ערגיץ אין בויבערג, אויף יענער זייט ים!
נור — צו איז געוועזען? איהר פרעגט נאך, איהר קלערט?
איך האב עס אליין פון מיין באבען געהערט!

די מאַמע איז געשטאָרבען — דער טאַטע זאַוועק
די טרויריגע ווינטער-נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פענסטער — פערקאָוועט, די טהיר איז פערשנייט,
און ס'רייסט זיך דער ווינד ווי אַ הונד אויף דער קייט!
הורורו — —הורורו — וואָיעט און קלאָגט.
דאָס האַרץ איז דערשראָקען, עס ציטערט, עס נאָגט...
„באָבע!“ זי הערט ניט, נור „דיאַ-דיאַם-דיאַם!“
די טויבע פערצעהלט מיר פון יענער זייט ים!

## אַלע.

געווג שוין הקדמות,
ניט פלודער, ניט קוועל;
פערגעס אין דער באָבען,
די מעשה פערצעהל!

## די ערשטע מאָדיסטקאַ.

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אַמאָל
אויף הינגערנע פיסליך אַ הייזעל אין טאָל.
געשטאַנען זיך פראָסט, אָהן עזות, אָהן שטאָלץ,
אָהן פוצעכץ, אָהן ציערונג — פון ליים און האָלץ
אַ פענסטער אַ קליינטשיקס, נור חנודיג האָלד;
די זון זי בעשייט עס טאָג-טעגליך מיט גאָלד!
לבנה און שטערען
פערהאַלטען זיך גערען
און מאָלען מיט זילבער די שויבען!

דאָס האָט דער הימעל די ליעבע בעלוינט!
עס האָבען אין הייזעל צוויי ברידער געוואוינט!
עס האַלטען צוויי הערצער צוזאַמען געטריי,
שווער איז די אַרבייט, נור ס'אַרבייט זיך פריי!
זויס איז דאָס מעבעל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נור אַלץ איז בשותפות — די פרייד און די נויט!

עס האט זיך געלעבט,
די צייט האט געוועבט
איהר לאנגען, איהר כשרען פאדעם!

נור איינמאל בעווייזט זיך א גאסט אויף דער שוועל,
פול גינגאלד, שמאראגדען, עס פונקעלט זיין פעל!
די שלאנג איז געקומען מיט גלאנץ און מיט פראכט;
דער עלטערער ברודער דערזעהט זי און טראכט:
עס איז אויף דער וועלט דאך עשירות פערהאן!
ווען איך האב א שמאראגד, איך, ארימער מאן,
די פערקויף איהם, וואס ניט?
די וואלט אויפ׳ן יריד
געקויפט מיר צו מעלקען א קוה!

די שלאנגען—זיי ווייסען, וואס סטראכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט איהם און רופט איהם אוועק אין א זייט,
און זאגט איהם: אי, ברודער, וואלסט דו נור געוואלט,
וואלסט דו געהאט שוין פול פעסער מיט גאלד,
קרעלען, דיאמאנטען, בריליאנטען א וועלט,
און אלץ, וואס מען קאן נור בעקומען פאר געלד!
איך מאך נישט קיין שפאט,
איך ווייס שוין דעם סוד,
איך קאן דיר איהם זאגען אין וואלד!

די שלאנג איז אוועק און דער יונגערער קלערט:
ווי גאט האט זיך יעדעם זיין שענקייט בעשערט;!
געה פרעג׳ן: דער גלאנץ און די שענקייט וואס טויג?
ביים עלטערן פלאמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעלען, דיאמאנטען, בריליאנטען — אח, גאט!
זי זאל נור נישט נארען און זאגען דעם סוד!
ער קוקט אויפ׳ן וואלד,
און גנב׳עט זיך באלד
פון ברודער ארויס צו דער שלאנג!

די זון געהט שוין אונטער, פֿערגאָלדעט נאָך די זויב
פֿון וואָלקען אין הימעל; און אונטער א בוים
זיצען שוין ביידע, — דער מענש און די שלאַנג;
זיי זיצען צוזאַמען און שמיעסען שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט ניש — פֿאַר פֿרייד, צי פֿאַר שרעק;
זי וויקעלט דאָס האַרץ איהם אַרום מיט'ן עק,
און רעד פֿון דיאַמאַנטען,
קרעלען, בריליאַנטען,
„אַלץ ווערסט די האָבען גאָר גרינג!“

„בעטראַכט נור דיין ברודער, דאָס איז א פֿאַבריק
פֿון קרעלען, בריליאַנטען, דיאַמאַנטען און גליק!
עס טרעפֿט זיך, ער אַרבייט, און וואונדערליך הייס
ווערט איהם, דער שטערען בעדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריעפֿען די טראָפֿען!... ער ווישט מיט דער האַנד;
לאָז נישט! דער טראָפֿען דאָס איז דיאַמאַנט!
נור אַרבייטען הייס!
קלויב אויף דעם שווייס!
שיטסט דו אָן פֿעסער דיאַמאַנטען!“

„עס טרעפֿט און איהם פֿאַלט פֿון די ברעמען א טרער;
דו, שוטה, דו מיינסט, עס איז וואַסער, נישט מעהר,
און טריקסטען, און האַלטען, דו העלסט עס נישט אויס,
און קושסט איהם די טרערען פֿון די אויגען אַרויס!
פֿערשווענדסט דיין פֿערמעגען, דו נאַרישער קאָפּ,
לאָז וויינען, לאָז וויינען! און קלויב יעדען טראָפּ!
א טראָפּ, האָב פֿערשטאַנד,
דאָס איז א בריליאַנט —
רייך ווערסט דו זיין ווי א קעניג!“

„דערנאָך — האָט דיין ברודער אַ'ין עדעלע פֿעל,
א שטאָך מיט א נאָדעל — דו האָסט שוין א קרעל!
בלוט — זאָגסט דו — איז עס, בלוט — זאָגסט דו — א קאָפּ
דו נאַר! עס איז קרעלען, דו צאַפּ נור און צאַפּ!

זאָל ער נור בלוטען און בלוטען נישט קאַרג!
אָנשטאָטען וועסט דו שוין קרעלען אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק,
און מאַך דיר דיין גליק,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!"

די ליפען פערביסען, די פויסטען געבאַלט,
געדט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגען, זיי ברענען און זיימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּעלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ,
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נור מאַכען אַ פריב,
אַ שטאָך וועל איך געבען, אַ קליינעם, נישט טיעף;
מיין ברודער? איך ווייס!
נור טרערען און שווייס,
הערסט דו דאָך, זענען בריליאַנטען!

———

עס הערט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינ'ם שטיבעל געוויינט און געלאַכט.
עס קוקען די שטערן אין פענסטער אריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער ביי'ם ברודערס געוויין?!
די זון האָט צו מאָרגענס געוואונדערט זיך שטאַרק,
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטען אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבעל געשעהן?

———

און עס איז געקומען אויף ביידע גאָט'ס שטראָף!
דאָס גליק איז פערשוואונדען, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
אַוועק איז די ליבע, דער פריעדען אַוועק! —
דער שלאָפט נישט פאַר וויטאָג, דער צווייטער פאַר שרעק,
דער שרייט: ס'איז מיין עשרות, מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערען, מיין שווייס און מיין בלוט!

דיאַם, דיאַם, דיאַם, דיאַם׃
אויף יענער זייט ים!
רייסט מען זיך שוין ביי די האָר!

אַלע (כאָר).

מען שלאָגט זיך, מען רייסט זיך,
טראַך־טראַך, טראַך־טראַך! —
נור וואָס איז געוועזען
דער סוף פון דער זאַך?

דער סוף פון די ברידער
פון שרעקליכען הויז?
פערצעהל שוין און ציה ניִשט
די הערצער אַרויס!

די ערשטע מאָדיסטקא.

אוי, ס'איז געוועזען אַ שרעקליכע נאַכט!
איך ליעג ביי דער באָבען און שוים און איך טראַכט:
„וואָס ליעגט זיך דער שאָטען, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט?
וואָס רייסט זיך דער ווינט, ווי אַ הונט אויף דער קייט?
וואָס ברעכען די מוירען, וואָס רייסט זיך דער דאַך?
ציִ הער איך די באָבען, ציִ בין איך נאָך וואַך?"

איך ליעג ביי דער באָבען און שוים און איך טראַכט:
„ציִ זעה איך אין חלום די שרעקליכע נאַכט?
ציִ הער איך אַ מעשה? ציִ בין איך דען וואַך?
וואו ברעכען די מוירען? וואו רייסט זיך דער דאַך?
וואו רייסט זיך דאָס הייזעל אַוועק פון זיין אָרט?
הורווו — הורווו — דאָ אָבער דאָרט?"
שטענדיג געקלערט
און קיינמאָל געהערט
דעם סוף פון דער שרעקליכער זאַך!

## אַלע, אויסער מאַדאַם

דער זייגער שלאָגט! אַי, צעהנען שלאָגט,
געענדיגט שוין די מיה!
אַהיים, ווער נור אַהיים פערמאָגט,
אַהיים ביז אין דער פריה!

אין בעט אַריין, אַ בעט ווער ס'האָט,
נור שלאָפען געהט, געדענקט אָן גאָט!
שלאָפען דאַרף די נויט!
שלאָפען איז אַ פיין געשעפט,
מען רוהט זיך אויס! און טייל מאָל טרעפט,
עס חלומט זיך — אַ ברויט!
אַח, צעהנען שלאָגט, צום עק די מיה —
גוט-נאַכט, מאַדאַם —

## מאַדאַם.

קומט מאָרגען פריה!





יהואש.

# אָלימפּוס און חורב.

---

איך בין פון דעם לעבען אנטרונען...
א בלוטיגער מבול די וועלט האט פערטרונקען,
און לעבענס מיליאנענווייז זענען פערזונקען;
דערגרייכט האט דעם שווארצען פערוואלקענטען הימעל
פון גוסס'ע מאסען דער ווילדער געטימעל...
דאך מיר האט פון זיסע דמיונות מיין מוח
א תבה געבויט, ווי פארצייטען האט נח,
און האט מיך אריבערגעטראגען די וועלען
צום הויכען בארג, צום אָלימפּוס דעם העלען,
וואו איך האב נאר פריידען געפונען...

---

די לעבענס, וואס געהען דארט אונטען פערלארען,
דאס גוסס'ען... מיר זענען ארוים פון זכרון...
די לאכענדע געטער אין מענשען-געשטאלט —
מיר האבען תענוגים געטרונקען,
און לוסטיגע נימפען מיט זימער געוואלט
מיך האבען געקרייצט און בעטרונקען...

---

אָלימפּוס איז שען,
די לופט איז דאָרט ריין,
עס לעבט זיך גאר לוסטיג אויף איהם.
דאָך פּלוצלינג מיך וועקט
אָהן רחמנות און שרעקט
אַן׳אַלטע פערגעסענע שטים...
אַ בארג איז אַ צווייטער פּאַרהאַנען -
עס לאַכען קיין נימפען דאָרט ניט;
די בלומען, וואָס וואַקסען דאָרט, וויאַנען
נאָך איידער זיי האָבען געבליהט...
די גראָזען דאָרט שמעקען מיט טויטען-גערוך,
עס בלאָזען די ווינדען דאָרט תמיד אַ פלוך...
דעם בארג רופט מען חורב און אָפטמאָל זיך הערט
אַ קול דאָרט, אַזוי ווי פון אונטער דער ערד.
„אַז וועה צו די לעבענס, וואָס וועלען צוריבען
און וועלען אין תהום פון דעם שיקזאל פערטראָגען
און האָבען צומאָל ניט וועה סיזאל זיי בעקלאָגען“...

---

דו האָסט דיינע לאָקען מיט לאָרבער בעקראַנצט,
פערגעסען די ליידענדע ברידער,
פאַר דיר האָט די וועלט און דאָס לעבען געטאַנצט...
געפלאָכטען האָסטו נאָר די לידער,
אַזוי ווי אַ זאָרגלאָזעס קינד
קלייבט בלומען אין פעלד און פערבינדט...
און האָט ניט קיין אַנדערען ציעל
אין זיננען, ווי לוסטיגען שפּיעל...
דאָך האָבען דאָרט ווייט דיינע ברידער געשמאַכט
און טרערען פערגאָסען, ווען דו האָסט געלאַכט,
און איטליכעס טרייסט-וואָרט, וואָס דו וואָלסט געזונגען
זיי וואָלטען איהם דאַנקבאַר און דורשטיג פערשלונגען...
עס האָבען די טויטע געוואַרט,
דו זאָלסט זיי אַ הספּד האָטש זינגען;

עס האָבען די קראַנקע גערעדט,
דו װאָלסט זײ ערלײזונג ברענגען;
עס האָבען די קעמפּפער געװאַרט,
װאָלסט זאָגען: דער שטרײט װעט געלינגען...

---

און אַלעמען האָסטו גענאַרט...

---

און מײנסטו, דיר װעלען בעקומען
די געטער און נימפען און בלומען? —
ס'װעט לאַנגזאַם, אַזױ װי דער גיפט פון אַ שלאַנג,
דער שמערץ פון דײן פאָלק זיך פערשפּרײטען
דורך איטליכעס ליעד דײנס; דײן יעדען געזאַנג
אַ טרױער־מוזיק װעט בעגלײטען...
און דער, װאָס װעט לעזען, װעט זאָגען
און טײטלען אויף דיר מיט די פינגער:
דער אָרימער יודישער זינגער,
עס װילט זיך איהם לאַכען, דאָך קלאָגען
ניט װילענדיג מוז ער; דער צאָרניגער גײסט
פון לײדענדען פאָלק האָט נקמה
גענומען פון דיכטער'ס נשמה
און אײביג פאַר איהם זיך אין חלום בעװײזט...

---

# דאָס ערגסטע פון דער תוכחה.

---

ניט שקלאַפערײ, ניט שמאַכטען אין אַ װײטען לאַנד
מיט קײטען אויף די פיס, מיט פענטעס אויף דער האַנד,
ניט שרעקען זיך פאַר יעדען שװאַכען װינד, װאָס װעהט,
ניט ציטערען פאַר נאַכט, װען העלער טאָג פערגעהט,
און קױם קומט־אָן דער טאָג, שױן װאַרטען אויף זײן סוף —
נײן דאָס, פערשאָלטען פאָלק, װעט זײן דײן ערגסטע שטראָף..

---

נאָר דו װעסט זעהן אַמאָל דײן אײגען פלײש און בלוט,
די פרוכט פון דײנע לענדען, װאָס אויף איהם גערוהט
האָט אָפט דײן אויג מיט שטום־פערצװײפעלטען געבעט,
װען דיך אין שטויב געװעלצט האָט יעדער פוס, װאָס טרעט,
װען שקלאַפען־טרערען האָבען דײן געזיכט געװײקט,
און שקלאַפען־שװאַכקײט האָבען דײן קאָפּ צו דר ערד געבײגט,—
װעסט איהם זעהן, איהם דײן אײגען קינד, דײן גואל־דם
דעם לאַנג ערװאַרטעטען בעפרײער פון דײן שטאַם,
זיך אויפהויבען מיט אַדלער־מוט, מיט לײבען־מאַכט,
און זײן דער ערשטער אין דער ערשטער רײה פון שלאַכט,
און געבען פרײ זײן בלוט, און בלוטען פול מיט פרײד,
דאָך ניט פאַר דיר, נאָר דאָרט, אַװאו דײן שונא שטעהט...
און הויבען װעט ער אין דער הויך אַ פאָהן, דיר פרעמד,
און דו װעסט צװעהן פון דײן שקלאַפען־שטײג פערשעמט,
און שילטען דאַמאָלסט װעסטו איהם—דײן אײנציג טרײסט,
דײן לעצטע האָפנונג צו װערען אויסגעלײזט:
„אָ, שלאַנגען־קינד, פעררעטער פון דײן שטאַם און נעסט!
„די תוכחה פון גאָט, װאָס האָט אַרײנגעפרעסט
„אידר גאַנצען גיפט אין מיר, אין לײב און זעל פערגאַלט,
„זאָל פאַלען איבער דיר מיט דאָפעלטער געװאַלט...
„זאָל דריקען, װי אַ באַרג פון שאַרבענס אויף דײן ברוסט...
„און הײנגען זיך אָן אַלסדינג, װאָס דו טראַכסט און טוסט...
„און יענע, װאָס דו האָסט געקעמפט אין זײער רײה,
„אַװעקיאָגען דיך זאָלען מיט אַ האַס־געשרײ...
„און ד'ערד, די פרעמדע, װאָס דײן בלוט האָט פעט געמאַכט,
„דיך שטויסען זאָל צוריק — אַװאו עס שמאַכט
„דײן אײגען פאָלק, און װעלקט אָהן קאַמפף און אָהן געפעכט,
„געדריקט פון אונטערדריקטעסטען — אַ קנעכט בײ קנעכט"...

# זונען־אונטערגאַנג.

די זון פערגעהט... און װאַרפט אַ שטילען לעצטען בליק
אַרונטער אויף די לאַנדשאַפט, װאָס די לאָזט צוריק,

עס שמייכעלט זיך געזעגנענדיג איהר רונד געזיכט,
בעקוקענדיג די וועלט, וואס לעבט נאך פון איהר ליכט —
א צוזאג, אז נאר קורץ וועט זיין די זומער־נאכט,
און מארגען קומט זי ווידער אין איהר שטאלצער פראכט
(אזוי בעטראכט די מוטער סקינד, וואס זי פערוויעגט,
און שטעהענדיג אין טיר א קוש פון וויטען שיקט).

פון אלע עקען הימלען זאמלען שטילערהייד
א מחנה וואלקען זיך, אין גאלד און רויט געקליידט,
און שטופען זיך אלץ נעהנטער צו דעם מערב׳ס ברעג,
אום אנצוזעהן די שענע זון, וואס געהט אוועק...
דאך ביסליכווייז אלץ בלייכער ווערט דאס גאלד און רויט,
די פארבען שטארבען שוין און ווערען גרינליך־טויט.
אראבגעקלעטערט האט די זון דעם הימעלס טרעפ,
עס שטארצען נאר די בלויע בערג ארויס די קעפ
ביים ראנד פון הימעל, ווי מיט שטאלץ אויף זייער מאכט,
און קוקען אן מיט געטער־בליק די זומער־נאכט.

## רחל׳ס קבר.

(פון ק. א. שפירא).

אויף די פעלדער פון בית־לחם,
וואו דער וועג קיין אפרת געהט,
שוין פון יאהרען און פון דורות
אויפגעבויט א קבר שטעהט...

און ווען אלץ ארום איז רוהיג
און עס קומט אן האלבע נאכט,
קומט ארויס א פרויענצימער
פון דער קבר־גרוב פערטראכט.

צו דעם טייך פון ירדן געהט זי,
קוקט זיך אין די וועלען איין,
און פון איהרע שענע אייגען
דארטען פאלט א טרער אריין...

שטיל פליסט איין טרער נאך דער צווייטער,
אהן א קרעכץ, אהן יאמער-שטים,
פאלט אראב אין ירדן-וואסער
און צומישט זיך שטיל מיט איהם...

# מעשה־שטן.

א טרפה'נע מאכט האט דער שטן
און קונציג אין גיהנם פערפיהרט,
מיין באבע דערצעהלט מיר א מעשה,
וואס יאהרען צוריק האט פאסירט...

ס'איז ערב יום-כפור געוועזען,
עס קלייבט זיך דער עולם אין שול,
די היילינגע נאכט פאלט ארונטער,
די הערצער מיט שרעק ווערען פול...

א פיש האט אין וואסער געציטערט,
דער וואלד האט די מורא געפיהלט,
נאר צוויי יונגע לייט אין א קעלער
אויבען שטאדט האבען קארטען געשפיעלט.

זאגט איינער צום צווייטען: „עס איז צו
„כל נדרי א שעה, אויב ניט מעהר,
„אט לא'מיר נאך שפיעלען א ווייל'ע,
„דאן געה איך אין שוהל מיט'ן שוועהר...

„אט צינד איך א גראשענעם ליכטעל,
„וואס מעהר ווי א שטונדע ניט ברענט,
„ועט אויסגעהן דער קנויט פון דעם ליכטעל.
„דאן נעהמען צום שפיעל מוז אנ'ענד"...

און ווייטער געשפיעלט האבען ביידע,
כל נדרי איז לאנג שוין פארביי,

די נאַכט איז אַריבער, עס קומט שוין
דער עולם אין שול פון דאָס ניי...

שוין מוסף, שוין נעילה... דער חזן
פערגעהט אין א לעצטען געהיין,
און ס'שפּיעלען און ס'שפּיעלען די חברה,
עס וויל נישט דאָס ליכטעל פערגעהן...

ערשט שפּעטער נאָך צאת הכוכבים,
דער שמש די שוהל האָט פערמאַכט,
פערלעשט זיך דאָס גראָשענע ליכטעל, —
און ס'האָט זיך דער שטן צולאַכט...

# צְווייִ תְּפִלּוֹת.

עס בעט זיך תחנונים א בלום,
וואָס וואַקסט אין דער ווּסטע אַליין:
„בעשעפער פון הימעל! ניט שוין ווערט
מיין יוגענד אין מדבר פערגעהן,
נאָך איידער מען האָט מיך בעוואונדערט
און זיך מיט מיין ריח געקוויקט? —
ניט שוין וועל איך קיינמאָל ניט ווערען
פון ליעבענדע פינגער געפּליקט?“ —

עס יאָמערט א צווייטע אין גאָרטען —
מיט שרעקען ערוואַרט זי די הענד,
וואָס וועלען זי רייסען און מאַכען
איהר רוהיגען וואַקסען אַן ענד: —
„בעשעפער פון הימעל, וואָס האָסטו
פאַר מיר אַזאַ גורל בעשערט, —
צו ווערען בעליעבט און בעוואונדערט,
און ווערען פון ליעבע צושטערט...“

עס הערען די בלומען בעזונדער, —
מ'האט יעדע אַן אַנדער פערלאַנג;
כביכול ער הערט ביידע טענות,
און מ'טוט איהם פאַר איטליכע באַנג...

# באַרג-געוויטער.

פון יענער זייט די הויכע בערג,
גרייט אָן זיך אַ געוויטער,
עס לויפען עסקאַדראָנען-ווייז,
די שוואַרצע וואָלקען-ריטער.

עס בליצט אַרויס... עס ציהען זיך
די שווערדען פון די שיידען,
עס הילכט אַ ווילדער וועה-געשריי,
פון פעלזען-איינגעווייידען...

שוין פילט די טאָלען רונד אַרום,
אַ מורא'דיג געטימעל,
און אויף מיין פנים וואַרעם פאַלט
דער ערשטער טריף פון הימעל...

איצט בין איך אויך שוין איינגעזאַלבט,
און קען זיך היימיש פיהלען,
מיט וואָלקען און טיטאַנען-בערג,
מיט בליץ און דונער-ברילען...

# שטערען-שימער.

יעדע נאַכט בעפאָר איך לעג זיך,
קוק איך אויף די שטערען לאַנג
טרינק זיך אָן מיט זייער שטילקייט,
ווי מיט זיסען שלאָף-געטראַנק..

ס'אויג מיינס שעפּט געדאנקען נייע,
פון דעם גאָלד־באַשפּריצטען תהום,
און די זעעל זיך קלערט און רייניגט,
טובל'ענדיג אין בלויען שטראָם...

שווענקט און וואַשט די פודער־פאַרבען,
און די ליגענס פונ'ם טאָג,
פאַלשע פריידען, פאַלשע שמייכלען,
פאַלשען שמערץ און פאַלשען קלאָג...

נאָך דער שטערען־שימער־טבילה,
שלומער איך געקרעפטיגט איין,
און אין מיינע טרוימען וועבט זיך
אַ געפלעכט פון שטערען־שיין...

---

# פון די קעטסקיל־בערג.

הויכע וועגט פון טונקלע בוימען,
רונד אַרום די וועלט פאַרשטעלען,
בלויז אַ שטיקעל הימעל זעהט זיך,
אָנגעשפּריצט געדיכט מיט שטערען...

און אין מיטען שטעהט אַ הייזעל
טרוימענדיג אין טיפע שאָטענס,
און מיר דאַכט זיך אויס, אַז דאָרטען,
האָט אַמאָל געוואוינט אַ נזיר...

יעדע נאַכט דאָ זיצען פלעגט ער,
איינזאַם פאַר זיין קליינער וואוינונג,
פלעגט אַרויף צום הימעל קוקען,
פלעגט די שטערען שטיל באַטראַכטען...

ביז דער נאַכט־טוי איז אין טראָפּענס
אויף דעם נזירס האָר געלעגען,
ביז די בוימען פלעגען רוישען,
פון דעם מאָרגען־ווינט געטרייסעלט...





מאָריס ראָזענפעלד.

# אויפ'ן בוזים פון ים.

דער שרעקליכער ווינט, דער געפעהרליכער שטורם,
ער ראַנגעלט זיך דאָרט מיט אַ שיף אויפ'ן מער;
ער וויל זי צוברעכען, און זי מיט יסורים
שניידט דורך אַלע טיעפעניש, קרעכצענדיג שווער.

עס טרעשטשעט דער מאַסט־בוים, דער זעגעל, ער ציטערט.
דער רוישענדער וואַסער איז מוראדיג טיעף; —
עס קעמפפען מיט צאָרען, עס שטרייטען פערביטערט
אויף טוידט און אויף לעבען דער ווינד מיט דער שיף.

אָט מוז זי זיך לעגען, אָט מוז זי זיך שטעלען,
אָט טרייבט עס צוריק אידר, אָט טרייבט עס פאָראויס, —
אַ שפּילכעל איז איצטער די שיף ביי די וועלען,
זיי שלינגען זי איין — און זיי שפּייען זי אויס.

עס ליאַרעמט דער ים, און עס הויבען זיך חוואַליעס
עס הוזשעט, עס פּילדערט מיט שרעק און מיט גרויל; —
דער שטורעם, דער גזלן, וויל אומברייינגען אַלעם.
דער תהום עפענט־אויף זיין פערשלאָסענע מויל.

עס הערען זיך זיפצען, עס הערט זיך א בעטען,
ס'איז גרויס די סכנה, ס'איז שרעקליך די נויט,
און יעדערער בעט ביי זיין גאט ער זאל רעטען,
בעפרייען די מענשען פון זיכערען טוידט.

דאס וויינען די קינדער, עס קלאגען די וייבער,
מען שרייט און מען איז זיך מתודה אצינד,
עס פלאטערען זעגלען, עס ציטערען לייבער,
פאר שרעק פון דעם בייזען, פערניכטענדען ווינט.

דאך אונטען, אין צווישען-דעק, זיצען צוויי מענער
גאנץ רוהיג, זיי ריהרט ניט דער מינדעסטער וועה:
זיי זוכען קיין רעטונג, זיי קלערען קיין פלענער,
ווי אליך וואלט זיין זיכער און שטום ארום זיי.

עס ליארעמט דאס וואסער, די וועלען זיי שוימען,
עס וואיעט, עס מיאועט משונה דער ווינד:
עס סאפעט דער קעסעל, עס הוזשעט דער קוימען —
דאך אונטען די צוויי, זעהט, זיי שווייגען אצינד.

זיי קוקען מיט קאלטקייט דעם טוידט אין די אויגען,
זיי ריהרט ניט דעם שטורעמס געפעהרליכע מאכט;
עס שיינט, אז דער טוידט האט אליין נאר ערצויגען
זיי ביידען אין שרעק און אין פינסטערער נאכט.

„ווער זייט איהר, אונגליקליכע, — לאזט עס דאך הערען, —
וואס קענען פערשווייגען די גוואלדיגסטע נויט,
וואס האבען קיין זיפצען, און האבען קיין טרערען,
אפילו ביים שרעקליכען טויער פון טוידט?

„זאגט, האבען אייך טאקע נאר קברים געבארען?
איהר לאזט גאר קיין עלטערן, וייב אדער קינד,
צו וויינען נאך אייך, ווען איהר ווערט דא פערלארען
אין טיעפען, אין שרעקליכען אבגרונד אצינד?

„ווי? לאָזט איהר ניט קיינעם, וואָס איהם זאָל פערדריסען,
וואָס ער זאָל ווען בענקען, צו לאָזען אַ טרער,
ווען אײַך ווערט דער נאַסער בית-עולם פערגיסען,
ווען איהר וועט דאָ קיינמאָל צוריקקעהרען מעהר?

„ווי? האָט איהר קיין פאָטערלאַנד גאָר, קיין מדינה,
קיין היים, וואו צו קומען, קיין פריינדליכע שטוב,
וואָס איהר האָט בעהאַלטען אין זיך אַזאַ שנאה
צום לעבען און וואַרט אויף דער פינסטערער גרוב?

„איהר האָט גאָר קיינעם אין הימעל דאָרט אויבען,
צו וועמען צו שרייען, ווען איהר זענט אין צער?
איהר האָט גאָר קיין פאָלק ניט, איהר האָט ניט קיין גלויבען?
פערלאָרענע, וואָס איז מיט אײַך פאַר אַ גזר?“

עס גענצט די אַבגרונד, עס ברויזען די אינדען,
עס קראַכען די לייטערס פון שיף און עס טראָגט,
עס דוליעט דער שטורעם, עס פייפען די ווינטען,
און איינער האָט ענדליך מיט טרערען געזאָגט:

„דער שוואַרצער בית-עולם איז ניט אונזער מוטער,
עס איז אונזער וויעג ניט דער קבר געווען; —
עס האָט אונז געבאָרען אַ מלאך, אַ גוטער,
אַ טייערע מוטער מיט ליבע פערוועהן.

„עס האָט אונז געפעסטיעט אַ מאַמע, אַרצוּיגען
אַ צערטליכע, וואַרעמע, פריינדליכע ברוסט,
געקיכעלט און שטענדיג געקוקט אין די אויגען
האָט אונז אויך אַ פאָטער און ליעבליך געקוסט.

מיר האָבען אַ הויז, נאָר מען האָט עס צובראָכען
און אונזערע הייליגסטע זאַכען פערברענט,
די ליעבסטע און בעסטע פערוואַנדעלט אין קנאָכען,
די לעצטע פעריאָגט מיט געבונדענע הענד.

„מען קען אונזער לאַנד, אָ, זי לאָזט זיך דערקענען,
דורך יאָגען, דורך שלאָגען, ניט װערענדיג מיעד,
דורך װילדע פּאָגראָמען, דורך ברעכען און ברענען,
דורך זוכען דעם טױדט פאַר דעם עלענדען יוד.

„און מיר זענען יודען, פערװאָגעלטע יודען,
אָהן פריינד און אָהן פריידען, אָהן האָפנונג אויף גליק, —
ניט פרעגט מעהר, אָ, פרעגט ניט, אָ, זעהט, לאָזט צופריעדען,
עס טרייבט אונז איין לאַנד צו דעם צװייטען צוריק.

אַהינצו, פון װאַנען מיר זענען ענטלאָפען,
אַהינצו, דערפאַר, װאָס מיר האָבען קיין געלד;
אויף װאָס בלייבט אונז איצטער צו װאַרטען, צו האָפען?
װאָס טויג אונז דאָס לעבען, די פינסטערע װעלט?

„איהר האָט װאָס צו װיינען, איהר האָט װאָס צו ברומען,
איהר האָט װאָס צו שרעקען זיך איצט פאַר דעם טױדט,
איהר האָט געװיס אַלע אַהיים, װאו צו קומען,
און פאָהרט פון אַמעריקאַ אויך ניט אויס נויט.

„דאָך מיר זענען עלענדע, גלייך צו די שטיינער;
די ערד איז צו שלעכט אונז צו שענקען איין אָרט —
מיר פאָהרען, דאָך, ליידער, עס װאַרט אויף אונז קיינער,
ערקלערט מיר, איך בעט אייך, װאו רייזען מיר פאָרט!

„זאָל שטורמען דער װינט, זאָל ער ברומען מיט צאָרען,
זאָל זידען און קאָכען, זאָל רױשען דער גרונד!
דען סיי װי סיי זענען מיר יודען פערלאָרען,
דער ים נאָר פערלעשט אונזער ברענענדע װאונד“...

# מײן יונגעלע.

איך האָב אַ קליינעם יונגעלע,
אַ זוהנעלע גאָר פיין!

ווען איך הערזעה איהם, האלט זיך מיר,
די גאנצע וועלט איז מיין.

נאר זעלטען זעלטען זעה איך איהם,
מיין שעגעם, ווען ער וואכט,
איך טרעף איהם אימער שלאָפענדיג
איך זעה איהם נאר ביינאכט.

די ארבייט טרייבט מיר פריה ארויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק;
אָה, פרעמדה איז מיר מיין אייגען לייב!
אָה, פרעמדה מיין קינדס א בליק!

איך קום צוקלעמטערהייה אהיים,
אין פינסטערניש געהילט, —
מיין בלייכע פרוי דערצעהלט מיר באלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפיעלט.

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאמע, גוטע מא,
ווען קומט און ברענגט א פעני מיר
מיין גוטער, גוטער פא?"

איך הער עס צו און אייל — עס מוז, —
יא, יא, עס מוז געשעהן!
די פאטערליעבע פלאקערט אויף:
עס מוז מיין קינד מיך זעהן!...

איך שטעה ביי זיין געלעגערייל
און זעה, און הער, און שא!
א טרוים בעוועגט די ליפעלעך;
„אָ, וואו איז, וואו איז פא?"

איך קוש די בלויע אויגעלעך,
זיי עפנען זיך — „אָ, קינד!"
זיי זעהען מיך, זיי זעהען מיך,
און שליעסען זיך געשווינד.

„דאָ שטעהט דיין פּאַפּאַ, טײַערע,
אַ פּענגעלע דיר, נאַ!“
אַ טרויס בעוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?“

איך בלייב צעוועהטאָגט און צעקלעמט,
פערבּיטערט און איך קלער:
„ווען דו ערוואַכסט אַמאָל, מײַן קינד,
געפינסטו מיך ניט מעהר“...

# אַ נְבוּאָה.

אַזוי ווי איהר קענט די געפעהרליכע מויל
פון ווילדען וואולקאַן ניט פערמאַכען,
ווען פּלוצלונג ער קאָכט זיך פאַנאַנדער מיט גרויל
און וואַרפט פון זיין גליהענדען ראַכען
די יאָהרענלאַנג קלייענדע גלוט מיט אַ גוואַלט,
אַזוי וועט איהר אויך ניט פערמאַכען
דעם קראַטער פון צאָרען ביי דעם, וואָס איהר האַלט
פערשקלאַפט איצט, ווען ער וועט ערוואַכען.

איז שטיל, דאַכט זיך, רוהיג, פון אויפרעגונג ווייט
און גיט זיין געדולד אויך צושטייער,
דאָך טיעף אין זיין בוזים פערפערטיגט די צייט
אַ גרויסען און שרעקליכען פייער...
און וועה, ווען דער דאָזיגער פייער ברעכט אויס!
אָ, וועה אייך פאַר יענע מינוטען,
ווען ענדליך עס וועלען מיט שרעקען אַרויס
די יאָהרענלאַנג קלייענדע גלוטען!

אויף אייערע טעמפּלען, אויף אייער פּאַלאַסט,
אויף אײערע סאַלאָנען זיך שפּרייטען
וועט יענער געוואַלטיגער פלאַם מיט אַ האַסט.
אויף אייערע וועגט מיט די קוויטען,

אין בלומענטאָפּ וועט ער פערציערען די רויז,
וואָס בליהט אייער ברוסט צו פערציערען,
און לאָזען אייך נאַקעט, און ליגען אייך בלויז,
אין שאַנדע צום קבר מאַרשירען.

צושמאָלצען וועט ווערען דער גאָלדענער גען,
פאַר וועלכען איהר קניעט און איהר פלאַטערט,
און איהר, אין זיין הייסע און בלוטיגע פעטס...
וועט ווערען צוקאָכט און געפּטרט;
זאָגאַר אויף די טרעפ וועט איהר טרעפען דעם בראַנד
פערצעהרען דעם שפּיץ פון די אייכען.
אומזיסט וועט איהר הויבען צום הימעל די האַנד —
איהר וועט איהם ניט קענען דערגרייכען!

דען העכער וועט ווערען אין יענעם מאָמענט
דער הימעל, גאָט וועט זיך ערהויבען
און אָבקעהרען פון די פערבלוטיגטע הענד,
פערשמירטע פון מאָרדען און רויבען.
און איהר וועט דאַן בלייבען אַ רויב צו דעם כעס,
וואָס איהר נאָר אַליין האָט געשאַפען,
דורך אייער צולאָזענקייט און משוגעת —
אין אייערע עלענדע שקלאַפען...

פון מזרח ביז מערב וועט גרייכען דער פלאַם,
פון דרום ביז צפון זיך ציהען, —
ער וועט ווי אַ וואונדער אַריבער דעם ים
און קומען ווי כשוף צופליהען.
עס וועט קיין פערלעגענער ווינקעל ניט זיין,
וואו איהר וועט זיך קענען פערשטעקען,
דען העל וועט עס זיין איבעראַל פון אַ שיין,
וואָס וועט אויף אייך ווייזען מיט שרעקען.

# די ערשטע טבילה.

עס ברענט דער פראסט, עס שנייט דער וויט,
און באשע פיהרט און צילה
דעם פישער׳ס טעכטערל אצינד
אין קאלטען וואסער טבילה.

„ניט שרעק זיך, קינד, נו, מאך דערפון!
די צייט האט אנגעוואונקען:
פערגאנגען איז דאך שוין די זון, —
דו מעגסט זיך אונטערטונקען.

„דעם בורא׳ס חסדים זענען גרויס, —
נישקשה, מאך קיין תנועה!
דו שפרינגסט אריין און שפרינגסט ארויס
און כשר, צו רפואה!“

און זעה — עס צוקט דאס צארטע לייב
אין ווילדען פראסט און שטורם. —
א, ווילסטו זיין א יודענס ווייב
געוועהן דיך צו יסורים!...

זי שפרינגט אריין, זי שפרינגט ארויף, —
אומזיסט, אומזיסט, נחמה!
דארט שטעהט און קוקט דער בעל־הגוף —
דו ביסט געבליבען טמא.

און ווידער האבען זיך געטוקט
מיט שרעק די שענע גליעדער;
דאך פון דערווייטענס שטעהט און קוקט
דער ערל טמא ווידער.

אלץ שטארקער ווערט דער פראסט, ער ברענט!
די מוטער און די שכנה,
זיי ברעכען די צופרארנע הענד,
און בלייכער ווערט די שענע.

„נו, טו זשע ווי דער דין איז, קינד!
אוועק איז שוין דער רשע —
אריין צום דריטען מאָל געשווינד!
קיין ביזז, קיין ביזז, נישקשה!"

די בלייבע ווייכט פון דין ניט אָב
און טוט, ווי ס'שטעהט געשריבען:
זי איז אריין, זי איז אראָב,
און איז שוין דאָרט פערבליבען...

# ווינטער.

דער ווינטער קומט מיט זיינע שטאַרקע קעלטען,
מיט זיינע שניי און זיינע פרעסט, —
מיט זיינע אונגעבעטענע געסט
פון טויטע וועלטען.
ער קומט, דער גאַט, און פרעסט
אַרויס פון בוים די קראַפט;
פון גראָז די זאַפט,
פון בלום איהר פאַרב;
תכריכים שפּרייטען מיט אַ מאָל
זיך אויס אויף בערג און טאָל,
עס פאַלט
אַ טויטער שלאָף, אַ טויטע נאַכט
אויף אַלץ, וואָס וואַכט.

ווי לאַנג צוריק פלעגט פון די בערגער פליעסען
דער קלאָרער שטראָם? ווי לאַנג צוריק פלעגט גריסען
די נייע זון דער פרייער וועלט? אַצינדער
איז די נאַטור פערטרויערט. איהרע קינדער —
זיי ליעגען טויט פאַר איהרע טריבע אויגען.
מיט אַ תכריכים־ווייסען שניי בעצויגען.

טויטע וועלט, אַ, לאָז מיר זיין דיין זינגער!
מתים-ליעדער זינגען זיך מיר גרינגער.
לעבען איז מיר פרעמה און גאַנץ פון ווייטען, —
טויט — איהם קען איך גוט זייט לאַנגע צייטען.
דען פערצווייפעלט צווישען בערג מיט קברים
וואַנדעל איך דאָ איינזאַם, קראַנק און אָרים.

לאָז, נאַטור, מיר זיין יעצט דיין בעוויינער!
דען צו טרערען-ליעדער בין איך איינער.
אַך, האָב ניט געלערנט זיך צו פרעהען!
אומגליק קען איך נאָר און שטילע וועהען;
עלענה טרעף איך, וואו איך זאָל מיך קעהרען, —
ווינטער-ליעדער זינגען זיך מיר גערן...

# צום פאָלק.

(סאָנעט).

מיין פאָלק! וואָס נאָך קענסטו פון מיר פערלאַנגען?
וואָס האָב איך נאָך, וואָס איך זאָל דיר ניט געבען?
איך שענק דיר מיינע הערצליכסטע געזאַנגען,
מיין קראַפט און מיין נשמה, ריינעם לעבען.
וואָס אין מיין אויג איז אָפט אַרומגעשוואומען,
וואָס אין מיין האַרץ האָט אָפט געברענט ווי גלוטען,
דאָס האָב איך אין בעגייסטערטע מינוטען
צונויפגעוועבט אין לעבעדיגע בלומען, —
מיין פאָלק! דיין קאָפּ דיר צו בעקראַנצען;
דיין מידען קאָפּ, וואָס קען קיין רוה געפינען, —
און איין געדאַנק נאָר האָט בעהערשט מיין זינען:
פאַר דיר צו זיין, פאַר דיר אַליין אינגאַנצען.
וואָס קען איך נאָך? וואו האָב איך נאָך קרבנות,
אויב ליעבע איז דיר קאַרג און קנאַפּ רחמנות?

—❋❋❋—



אברהם רייזען.

# איז אוועק צום קריעג דער מלך...

(פון מאריא קאנאפניצקא).

איז אוועק צום קריעג דער מלך —
בלאזען אלע שופרות פרעהלעך;
שופרות בלאזען, רוישען, ברומען,
אז ער זאל בשלום קומען.

איז געגאנגען סטאך זיך שלאגען,
האט דער טייך גענומען קלאגען,
און די זאנגען שטיל צו ציטער'ן,
אויף זיין מזל, אויף זיין ביטער'ן...

אויפ'ן שלאכט-פעלד אונטען, איבען,
פליעהען קוילען, מענשען ליגען, —
מלכים שלאגען זיך, ווי לייבען,
חלאפעס פאלען ווי די פליגען...

פאהגען רוישען, שאסען קראכען
און די מחנות ציהען ווייטער;
ס'האט א קויל געטראפען סטאכ'ען,
ס'קומט אהיים דער מלך הייטער.

ווי געקומען איז דער מלך
עפנען זיך די טהירען פרעהליך
די טראמפעטען רוישען, שאלען,
און די זון, זי שיט מיט שטראהלען.

ווי מען האט געגומען גראבען
פיר דעם סטאך א גרוב, דאן האבען
שטיל געוויינט אין פעלד די גראזען
און א ווינה האט צוגעבלאזען...

# דער שטויב פון דער וועלט...

דער שטויב פון דער וועלט איז געפאלען אויף מיר,
און קראנק בין איך, קראנק;
די ליעבע — זי וועלקט טיעף אין הארצען ביי מיר,
אין קאפ — דער געדאנק...

און ווער קען מיך היילען? נישטא אזא מענש,
נישטא אזא לאנד!
און וואלסטו דעם הימעל דערגרייכען געוואלט —
ווי קורץ איז דיין האנד!...

# ערד און הימעל.

שכנים זענען ערד און הימעל,
וואוינען לאנג שוין קעגען-איבער,
זייט עס האט זיי גלייך בעשאפען
גאט דער גוטער, גאט דער ליעבער...

נאר א רייכער איז דער הימעל;
האט לבנה, זון און שטערען;
און די ערד איז וויסט און ארים —
זי פערמעגט קוים עטוואס טרערען...

און עס קוקט דער רייכער הימעל
אויף דער ערד מיט שטאָלצע בליקען,
איז ער אויפגעלעגט, דאַן לאָזט ער
דריי־פיער שטראַהלען ליכט איהר שיקען..

און די ערד — זי דאַנקט און דאַנקט איהם,
ס'שמייכעלט זיך דאָס פנים איהרע,
און די קינדער איהרע אָרמע,
זינגען דאַן דעם הימעל שירה.

# מיין פריינד, צי דו ווייסט?...

מיין פריינד, צי דו ווייסט,
וואָס הייסט און בעדייט
א ביטערע צייט?...
צי פיהלסטו וואָס הייסט
א פאָלק אין א צער,
א פאָלק אין געפאַהר?...

*

צי פיהלסטו, מיין פריינד,
ווי טיעף איז דער וועה,
ווען ס'הערט זיך פון פיינד
א בראַנפען־געשרעה;
אַט זעהסטו — ער קומט
מיט רציחה און וואוט,
אַט הערסטו — ער ברומט,
און דאָרשט נאָך דיין בלוט, —
און האָסט ניט וואָהין
נאָך רעטונג צו געהן,
נאָר סיידען צו איהם,
צום שונא אַליין!?...

*

צי פיהלסטו, מיין פריינד,
װאס איז דאס אזוינס,
א פאלק'ל א קליינס
און גרויס איז דער פיינד?...

אהן װאפען, אהן מוט...
און האט ניט קיין שוץ,
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט!...

## אומעטיג...

אומעטיג, קינד מיינס, צו לעבען אליין, —
קענסט אפשר קומען צו מיר!
מיין צימער איז ארים, מיין צימער איז קליין,
האט א בעזונדערע טיר,
האט א בעזונדערע טיר, —
נאר קיינער, אוי, קלאפט ניט אין איהר...

אומעטיג, לעבען מיינס, אומעטיג, שװער!
און װי נאר דער אבענד ער קומט,
זיץ איך די אויגען צום טיר, און איך הער:
דער װינט אזוי טרויעריג ברומט,
דער װינט אזוי טרויעריג ברומט, —
און ס'דאכט מיר, אז עמיצער קומט...

## צו א ברודער.

דער הימעל פערצארענט,
די װינטען — זיי בלאזען;
װאו ביזטו, מיין ברודער,
פערגעסען, פערלאזען?

וואו ביזטו פֿערוואָרפֿען,
אין וואָס פֿאַר אַ שטעדטיל?
צי האָסטו אַ דירה,
צי האָסטו אַ בעטיל?

איך זעה אויפֿ'ן הימעל
די וואָלקען זיי שוועבען —
און זעה איך זיי שוועבען
דאַן ווייס איך דיין לעבען.

עס דרינגען די קלאַנגען
פֿון ווינט אין מיין אויער;
עס גיעסט זיך מיר, ברודער,
אין הארצען דיין טרויער...

# אין דער ווייט...

עס ווילט זיך מיר לאָזען
די שטאָדט און דעם מאַרק,
און אָטהעמען פֿרייער,
און אָטהעמען שטאַרק!
און לאָזען די הייזער
מיט טויערן אַרום,
און געהן, וואו ס'איז אָפֿען
און פֿריי אומעטום!

און געהן, וואו ס'איז אָפֿען
און ליכטיג און ריין,
און לאָזען די הייזער
פֿון ציגעל און שטיין!
און לאָזען די מויערן,
וואָס זענען מיר ענג,
און געהן אין דער ווייט,
אין דער ברייט, אין דער לענג!

און לאָזען די שטאָדט
מיט איהר שפראַך און איהר גאַנג,
און הערען אין וועלדער
דאָס פֿייגעל־געזאַנג.
און הערען, ווי ס׳מורמעלט
מעלאָדיש דער קוואַל,
ווי ס׳רופֿט אַזוי זאַנפֿטיג
אין לופֿט יעדער שאַל.

און לאָזען די חכמה
און וויסען אין שטאָדט.
אַך, זאָל זי זיך האַלטען
מיט דעם, וואָס זי האָט!
דער אָדלער אין וואָלקען —
ער איז אַזוי קלוג,
איך וועל איהם אין וועג דאָרט
בעגעגענען גענוג!

ער וועט מיר אויסלערנען,
ווי לעבען מען דאַרף,
דער אָדלער איז קלוג,
און זיין תורה איז שאַרף!
זיין תורה איז — פֿליהען,
וואָס העכער אָהן שיעור;
שוין לאַנג ברענט זיין תורה
אין האַרצען ביי מיר.

# ווי קום איך?...

ווי קום איך צו זינגען? פֿון וואַנען, מיין קינד!
ביי אונז האָט אין קוימען געברומט נאָר דער ווינד:
די קינדער — זיי פֿלעגען נאָר זינגען: האַם־האַם!
און אָפֿטמאָל די מאַמע — אַ קללה צום גראַם.

ווי קום איך צו שענהייט? פון וואנען, מיין קינד!
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויים און הינד...
די גאס איז געוועזען אזוי ארים זון וויסט,
ביי איטליכער טיר נאר — א בערגעלע מיסט...

## אין קישען.

אין קישען בעהאלט איך מיין פנים,
איך טרע זיך איין טיעף און וויין;
דער איינציגער פריינד אין מיין לעבען,
איז מיר נאר דאס קישען אליין.
געפליקט האט די פעדערן איהרע
מיין שוועסטער ביז שפעט אין דער נאכט,
געפליקט מיט א הארץ א צופליקטען,
פון החקות, פון הונגער פערשמאכט.
וואו איז יעצט די שוועסטער פערווארפען,
וואו איז זי? ווער ווייסט, וואס זי מאכט!
דארום איז מיר טייער דאס קישען,
פייכט מאך איך עס שטענדיג ביי נאכט!...

## די מוטער צום קינד.

שלאף נאך, שלאף נאך, ליעבעס קינד —
דרויסען איז א פראסט, א ווינד!
גאט זאל זיך דערבארעמען,
גאט זאל אונז דערווארעמען.

א, דער ווינטער שרעקט מיך, שרעקט —
ליעג, מיין קינד, נאך איינגעדעקט —
שלאף נאך, ארים פיגעלע,
עפען ניט דיין איגעלע.

וועסט דערזעהן אַ קאַלטע וועלט —
הונגער אין ווייסען אָבגעמעלט.
האָלץ אין שטוב קיין שייטעלע
און קיין געלד אין ביטעלע.

ניט געקאָכט און ניט געהייצט,
קעלט און הונגער דריקט און רייצט;
שלאָף מיין קינד, פערפראָרענע,
אָרימע, פערלאָרענע!...

# די אָרימע כלה.

עס שלאָפען אין קליינינקען שטיבעלע אַלע,
עס וואַכט נאָר די עלטערע טאָכטער — די כלה.
די חתונה דאַרף ביי איהר זיין גאָר אין גיכען
און האָט נאָך נישט פאַרטיג געמאַכט איהרע ציכען.
עס לויפט דורכ'ן ליוועגד די נאָדעל געשווינד
געדאַנקען זיי יאָגען אין קאָפּ, ווי אַ ווינד:

ווי שווער איז דאָס בעטגעוואַנט מיר אָנגעקומען.
עס האָט מיר מיין רוה און מיין שלאָף צוגענומען;
די פעדערען גאַנצענע נעכט פלעג איך פליקען, —
ווער ווייסט נאָך דאָס מזל, ווער ווייסט נאָך די גליקען?
געשאַפט יעדעס קישען מיט שווייס און מיט בלוט, —
וועל איך אויף זיי קענען ליעגען בערוהט?

אָח, ווער איז מיין זווג? צי קען איך איהם גלויבען?
צי וועט ער דעם שלאָף ביי דער נאַכט מיר ניט רויבען
וועל איך ניט די קישען מיט טרערען בענעצען
און אפשר אַ מאָל נאָר אויף ברויט זיי פערזעצען? —
פערזעצען, ווי ס'טרעפט אָפט ביי אונזערע לייט,
ווי ס'טרעפט מיט מיין מאַמען אין ביטערער צייט?!

# מַאי קָא מַשְׁמַע לָן?

1.

מאי קא משמע לן דער רעגען?
וואס-זשע לאזט ער מיר צו הערען? —
זיינע טראפּענס אויף די שויבען
קויקלען זיך, ווי טריבע טרעהרען.
און די שטיוועל איז צוריסען,
און עס ווערט אין גאס א בלאטע,
באלד וועט אויך דער ווינטער קומען —
כ'האב קיין ווארעמע קאפּאטע...

2.

מאי קא משמע לן דאס ליכטעל?
וואס-זשע לאזט עס מיר צו הערען?
ס'קאפּעט און עס טריעפט איהר חלב
און ס'וועט באלד פון איהר גישט ווערען.
אזוי צאנק איך דא אין קלייזעל,
ווי א ליכטעל, שוואך און טינקעל,
ביז איך וועל אזוי מיר אויסגעהן
אין דער שטיל, אין מזרח-ווינקעל...

3.

מאי קא משמע לן דער זייגער?
וואס-זשע לאזט ער מיר צו הערען,
מיט זיין געלבען ציפער-בלעטיל,
מיט זיין קלינגען, מיט זיין שווערען?
ס'איז איין אנגעשטעלטע כלי,
ס'האט קיין לעבען, קיין געפיהלען,
קומט די שעה, דא מוז ער שלאגען,
אהן זיין רצון, אהן זיין ווילען...

.4

מאי קא משמע לן מײַן לעבען?
וואס־זשע לאזט עס מיר צו הערען?
פוילען, וועלקען אין דער יוגענד,
פאר דער צײַט פערעלטערט ווערען
עסען „טעג“ און שלינגען טרערען,
שלאפען אויפ'ן פויסט דעם הארטען,
טוידטען דא די „עולם־הזה“,
און אויך עולם הבא ווארטען...

# אנהייב פריהלינג.

א ליכטיגער טאג —
איך האב איהם דערקאנט;
איך האב מיך אין טרוים,
אין אלטען דערמאנט

און עפּיס אין קאפּ
ווערט ליכטיג און ריין,
און עפּיס אין הארץ
ווערט ווארים און שען.

עס פרעגט מיך איין שטראהל:
געדענקסטו, געדענקסט?
א צווייטער שטראהל פרעגט:
צי בענקסטו, דו בענקסט?

א דריטער שטראהל פרעגט:
צי פיהלסט נאך איהר גלעט?
און נאך איינער פרעגט:
צי איז שוין ניט שפּעט?...

א, שטראהלען, לאזט אב —
געוועזען איז עס לאנג!
א, שטראהלען, ניט פרעגט —
עס טוט אזוי באנג!...

# דאס געבעט.

עס הערט זיך דער הונגער פון ווייטען,
עס בלענדט אין די אויגען דער בליץ; —
א, גאט! האב רחמנות, די ארמע
פון בייזען געוויטער בעשיץ.

וואס ארבייטען יעצט אויף די פעלדער,
געפינען זיך ווייט פון דער היים
און האבען קיין ארט, וואו זיך שיצען,
קיין שייער, קיין דעכיל, קיין בוים!

וואס זענען אצינד אונטערוועגענס,
די פוהרען מיט משא פערלייגט,
און ווייט איז פאר זיי נאך א קרעטשמע,
און ווערען פון רעגען צעווייקט.

וואס שטעהען אין מארק מיט די קוישען,
מיט עפיל, מיט גריננס און מיט ברויט, —
און אלע, וואס זענען איצט דרויסען,
וואס טרייבט זיי דער הונגער און נויט.

און אלע, וואס זענען פערוואגעלט,
וואס ד'ערד גיעט קיין ווינקעל זיי ניט, —
די אלע פון בייזען געוויטער
בעשירמע זיי, גאט, און בעהיט!



מ. װינטשעװסקי.

# מײן אײנציגער פֿערלאַנג.

(צו יעקב נאָרדין).

מײַן טאָג שטאַרבט אָב, מײַן זון געהט אונטער,
דער אָבענד קומט און האַלט זיך אויף ניט לאַנג;
די נאַכט — איהר װאָלט איך טרעפֿען מונטער,
איהר טרעפֿען גײַסטיג אַ געזונטער,
לאָז מיר דער טאָג נור געבען אײן פֿערלאַנג:
אַ שענעם, קלאָרען זונען-אונטערגאַנג.

אַ זונען-אונטערגאַנג מיט פֿאַרבען
אי העל אי רויט: פֿון פֿלאַמען און פֿון בלוט;
אַ אונטערגאַנג, װאָס לעבט אין שטאַרבען,
קען טויטען, אָבער ניט פֿערדאַרבען,
און נעהמט אײַך, און איהר געהט אַװעק, און רוהט,
און קומט צוריק מיט פֿרישען בלוט און גלוט.

מיט בלוט די מענשהײַט צו בענײַען,
די אַלטע מענשהײַט דורך אַ נײַעם דור;
מיט גלוט, צו שמידען די כּלי-זין,
דעם גײַסט, דעם װילען צו בעפֿרײַען,

און מיר אין טרוים צו ווייזען די וועלט קלאָר,
וואָס יענער דור וועט האָבען אויפ'ן וואָהר.

אַ וועלט בעזעצט מיט פריינד און ברידער
מיט מענשענליעבע פאַר איהר פונדאַמענט;
אַ גוף, וואו פעלקער זענען גליעדער,
קיין גליעד דעם צווייטען ניט צו־ווידער,
וואו גלייכהייט האַלט צוזאַמען פרייהייטס ווענט,
מיט ליעבע אַלס איהר אייניציגען צעמענט.

*      *
*

אָה, דאַן וואָלט איך געבליבען מונטער,
מיר וואָלט ניט פאַר דעם טויטען טאָג זיין באנג;
אַ גייסטיג־פרישער, אַ געזונטער
וואָלט איך אַרויפגעהן, ניט אַרונטער, —
וואָלט איך נור קיינען האָבען דעם פערלאַנג:
אַ שענעם, העלען זונען־אונטערגאַנג.

אַ זונען־אונטערגאַנג אַ קלאָרען,
אַ שטערען־רייכען אָבענד אין זיין פראַכט;
מיט פייגעלעך וואָס פיפצענען אין קאָרען,
בעגריסענדיג דעם טאָג וואָס ווערט געבאָרען,
בעזינגענדיג די מענשהייט וואָס ערוואַכט,
און דאַן — די, ליעבע, זיסע וועלט, גוט נאַכט!

# פעסט־ליעדער.

## I.

(פרויען־כאָר.)

פלעכטען מיר בלומען
אין פעלד און אין וואַלד
געסט וועלכע קומען
בעגריסען מיר באַלד.

פרוכט פון די צווייגען
מאַכען מיר גרייט;
פלוימען און פייגען,
האָניג און ברויט.

באָקסער און מאַנדלען,
און טייטלען פריש,
שען צו פערוואַנדלען
דעם פריינדליכען טיש.

ליליען און ראָזען
מיט קוויקענדען דופט,
ווייַרוך און גראָזען
צו ווירצען די לופט.

קומט דורך די פעלדער,
זאַמעלט זיי גיך;
קומט דורך די וועלדער,
יעדע פיר זיך.

———————

II.

(סענער-כאָר.)

קומט צו די טישען
ווילקאָמענע געסט;
זיך צו ערפרישען
ביים פרעהליכען פעסט.

פילט אָן די בעכער
מיט שוימענדען וויין,
ביז דורך די דעכער
די זון שיינט אַריין.

קומט, איהר בעגריסטע,
פון פריינדע געשעצט,
שטונדען פערזיסטע,
ערוואַרטען אייך יעצט: —

שטראַהלענדע אויגען,
און הערצער פול פרייד
קעפּ אָנגעבויגען
פון זאָרגען און לייד.

לוכט און געלעכטער
און פריילינכע טענץ,
פון אייערע טעכטער
און בליהענדע קרענץ.

## בעשלאָסענהייט.

איך מוז געהן, און געהן אַליין;
חאָטש די וועלט האָט ליעב צו שטעהן,
גרוים אין פרייד און גרוים אין קוואַל
איז דער מענשליכער שיקזאַל.

אָפט האָט מיך די זאָרג געקוסט,
אָפט געבלוטעט האָט מיין ברוסט.
כ'האָב עס קיינעם ניט דערצעהלט,
און די וואונד האָט זיך פערהיילט.

ווי אַ לייכט-טורם וועל איך זיין
אין דער וועלט פון שמערץ און פיין,
לייכטענדיג דורך שטורם און נאַכט
ביז דער מידער מענש ערוואַכט.





ח. נ. ביאליק.

# דאס לעצטע ווארט.

(נביאיש).

---

איך בין צו אייך פון גאט געשיקט:
ער האט געזעהן: איהר ווערט דערשטיקט;
ער האט געזעהן: איהר פוילט און פאלט,
איהר ווערט פון טאג צו טאג מעהר אלט;
און אבגעלאזט האט זיך די האנד
און אויסגעלאזט האט זיך די מאכט —
און גאט האט זיך אן אייך דערמאהנט
און ער האט מיר צו אייך געבראכט.

און גאט האט מיר געזאגט אזוי:
„צו־שווער דער יאך — איך קאן ניט מעהר!...
געה, רייס פון זייער הארץ איין „אוי!"
שיס־אויס פון זייער אויג א טרער!
און שווער זאל זיין די טרער און ביטער,
און הויך זאל זיין דער לעצטער קרעכץ,
אזוי — די ערד זאל טהון א ציטער
און אבטרייסלען פון זיך דאס שלעכטס".

איך האב געפאלגט און בין געגאנגען,
מיין וועג איז פול געווען מיט שטיינער;
נאר איין געפיהל און איין פערלאנגען
האט טיעף געגליהט אין מיינע ביינער;
איך האב געפיהלט, איהר זענט ביי שלאנגען...
און מיט אייך, ביי אייך — קיינער, קיינער...
מיך האט געטריבען אייער וועהטיג,
איך האב געמיינט מיין הילף איז נויטיג.
איך בין געשטראפט פון גאט מיט הארץ:
איך האב א הארץ, וואס קריינקט פאר יעניעם,
וואס קארטשעט זיך פון פרעמדען שמארץ
און ווערט פערברענט פון יעדענס גיהנם...
איך האב געהערט, עס איז אייך שווער,
האב איך געמיינט, איהר פיהלט און ווייסט,
און וואַרגט זיך שטיל מיט אייער טרער
און זוכט א הילף און בעט א טרייסט,
און טייער זענען די מינוטען...
„איך געה, איך קום — כ'וועל היילען וואונדען,
מיט אייך אינאיינעם וועל איך בלוטען,
און וואו מען הארף, וועל איך פערבינדען
און וואו מען מוז, וועל איך אבלעקען
דאס בלוט, וואס טריפט פון אייער וואונד:
כ'וועל טרייסטען, בעטען, ווײנען, וועקען —
און וועל ניט לאזען געהן צו גרונד!
איך געה, איך קום — איך טראג א טרייסט,
איך טראג א בשורה פון נחמה;
איך בין געבענשט פון גאט מיט גייסט —
אייך וועל איך שענקען מיין נשמה...
איך בין פון גאט מיט מוט בעשמדט,
וואס רייסט־אויס בערג און ווערט ניט מיעד,
און גאט האט מיר געשענקט א צונג,
א שארפע, ווי א שארפען קלינג, —
אויב איהר זענט שטיין — איז זי אין אייזען,

אויב איהר זענט אייזען — איז זי שטאָהל...
איך קום, איך וועל זיך נאָר בעווייזען —
און איהר וועט אויפשטעהן מיט אַמאָל!"...
איצט שטעה איך אונטער אייער טהיר —
און אָבגענומען איז מיין לשון;
עס הייננט אַ שווערע נאַכט אויף מיר —
מיין פונק, מיין ליכט איז אויסגעלאָשען.
מיך האָט בעגעגענט שפּאָט און שאַנד,
איהר האָט פאַר מיר די טהיר פערמאַכט —
און אָבגעשטויסען איין גאָטס האַנד
און גאָטעס וואָרט איז אויסגעלאַכט...

בין איך צו אייך אין שמוץ געקראָכען
און אַלע קליידער איינגעריכט,
כ'האָב מיט די הענד פאַר אייך געבראָכען
און הילף ביי אייך פאַר אייך געזוכט...
נאָר קיינער קומט צו הילף ניט, קיינער,
און איך בין איינער, איינער, איינער...
מיין תפלה האָט געהערט די וואַנד,
איהר האָט פאַר מיר די טהיר פערמאַכט;
און אָבגעשטויסען איז גאָטס האַנד!
און גאָטעס וואָרט איז אויסגעלאַכט!...

נאָר חייסט, איהר אונגליקליכע, ווייסט —
איך האָב ניט מעהר פאַר אייך קיין טרייסט.
איך האָב אַ וואָרט, אַ שרעקליך וואָרט,
וואָס וועט אייך הויבען פון דעם אָרט;
וואָס וועט דאָס ליכט אייך מאַכען שוואַרץ
און וועט פערסמ'ען אייך דאָס האַרץ,
אין מויל פערגיפטען אייך דעם ביסען
און ביטער מאַכען אייך דאָס ברויט.
דאָס לעבען וועט דאָס אייך פער'מאוס'ען
און וועט ניט געבען אייך דעם טויט...

ניטא פאר אייך קיין ווארט נחמה!
איך האב פערברענט שוין מיין נשמה,
איך האב מיין בונה מיט אייך צוריסען...
צובראכען ליגט אין דרערד מיין מוט —
איך וועל אויף אייך מיין גאל אויסגיסען
און וועל בעשפייען אייך מיט בלוט..

און גאט האט מיר געזאגט אזוי:
„דאס לעצטע מאל שריי אויס איין „אוי!"
און גיב א קרעכץ צום לעצטען מאל,
אז ציטערען זאל בארג און טאל;
און נעהם זיך אן מיט גאל און זאג:
הערט טויבע, הערט!
עס געהט א טאג,
איך לאז ארויס א זון פון רעכט
און וועל די וועלט מיט ליכט בעגיסען —
נאר איהר אליין וועט בלייבען קנעכט
און וועט קיין טראפען ליכט געניסען...
און בלינדערהייט, מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר ארומלויפען פערסמיט
אהין, אהער, פאר טויזענד מייל,
און בעטען, חלש'ען א שטראהל...
נאך אייך בעגעגענט א געלעכטער,
וואוהין איהר קומט, האט איהר פערזאמט...

איך שליס־אויף אוצרות לעבען, מאכט,
און ימים פרייד וועל איך צוגיעבען —
נור איהר אליין וועט זיין פערשמאכט,
און אייער קוואל וועל איך בעטריבען;
און טרוקענע מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר אין פרעמדע טהירען קלאפען,
מיט'ן פנים צו דער ערד צופאלען,
און איבער פרעמדע קוואלען קניען,

און דאָרשטיג אײַער האַלז אויסציהען,
און בעטען, חלשן — אַ טראָפּען...
נאָר אײַך בעגעגענט אַ געלעכטער,
פֿאַר אײַך פֿערשלאָסען אַלע קוואַלען.

איך שיק אַראָב אַ מילדען גײַסט,
וואָס פֿרישט ווי טוי פֿון גאָט און ווײַז
אַ נײַעם וועג צו נײַע הימלען —
נאָר איהר וועט טרוקען זײַן ווי שטרוי,
און ניט אויף אײַך וועט פֿאַלען טוי.
איהר? — איהר וועט אײביג פֿוילען, שימלען.
און אויב ס'איז נאָך פֿון פֿריהער געבליבען
אַ פֿונק פֿון גײַסט, געפֿיהל און גלויבען,
אַן ערנסטער זיפֿץ, אַ הײסע טרער — —
וועל איך דאָס אײנציגווײַז אָבּרויבען.
און אײַער האַרץ וועט בלײַבען לער
אָהן טעם, אָהן ריח, אָהן לײַב און לעבען.

און וויסט וועט ווערען אײַער געלט,
און אומשלעפּען וועט איהר זיך מידע,
ווילד־פֿרעמדע אויף אַ פֿרעמדער וועלט
און בעטלער אויף אַ רײַכער סעודה,
און שטעהענדיג בײַ פֿרעמדע שוועלען,
וועט איהר די וואונדען זיך אויפֿדעקען,
און וועט פֿאַר פֿרעמדע זיי אויסשטעלען,
אַ ציטעריגע האַנד אויסשטרעקען,
און בעטען הילף אויף בעטלער־לשון —
נאָר אויסבעטלען וועט איהר פֿאַר געלד,
און לעבען וועט איהר פֿאַר אַ גראָשען...

און שווער וועט אײַך דאָס לעבען ווערען —
אַ לאַנגע נאַכט און ניט אײן שטערען...
און אײַער קרעכץ פֿערטראָגט דער ווינד
און אײַער קול וויל גאָט ניט הערען...

און שרעקליך גרויס וועט זיין די נויט,
ווי גרויס און שרעקליך ס'איז די זינד;
און איהר וועט חלשען דעם טויט
און בייקען וועט איהר נאך לעבען...
נאר גאט וועט אייך ניט ביידע געבען...
און שרעקליך וועה וועט זיין דער שמאר
אפילו אייער אייגען הארץ
וועט אייער אייגען מויל ניט גלויבען...
איהר וועט זיך פרייוען הויבען, הויבען —
אנ'אטעם טהון — און וועט ניט קאנען.
דאס איז א קבר, נאר בעגראבען
זענט איהר דארט לעבעדיגערהייט...
דאס איז א פייערדיגער גיהנם,
וואס וועט קיין ענדע קיינמאל האבען —
נאר ס'איז א גיהנם אהן א טויט...
און גאט זאגט מיר:
איצט געה אראב
צום טעפערס הויז און קויף א טאפ,
און טהו א ווארף, און זאג דערביי
שטארק הויך, אז יעדערער זאל הערען:
„אזוי וועט איהר צובראכען ווערען!“
און רעה ניט מעהר, ניט וויין, ניט שריי,
בויג־אן דעם קאפ, און ווער פערשטומט — —
עס געהט דער טאג, ער קומט, ער קומט...

---

# פון ר' יהודה הלוי'ס ים־ליעדער.

---

I.

כ'האב פערגעסען אלע ליעבסטע,
כ'האב פערלאזט מיין אייגען הויז;
כ'האב דעם ים זיך אבגעגעבען;
טראג מיך, ים, צום מוטערס שויס!...

און דו, מערב־ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואס מיין הארץ מיט אדלער־פליגעל
זוכט שוין לאנג צו איהם א וועג.

ברענג מיך נאר אהין בשלום, —
נאכדעם פליה זיך דיר צוריק,
גריסען זאלסטו אלע ליעבסטע
און דערצעהל זיי פון מיין גליק...

---

.II

אנגעברוגז'ט האט די ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —
פלוצים האט ער זיך צובייזערט
און ער וויעגט זיך שוין און ברומט.

און אט לויפען שוין אקעגען
ווילד און בעז מיט ווייסען שוים
חוואליעס־לייבען, חוואליעס־שלאנגען,
אויסגעוואקסען פון דעם תהום.

אט האט זיך א טאל געעפענט,
אט שטעהט אויף א הויכער בארג —
פלאטער, זעגעל! בויג זיך, מאסטבוים! —
דו, מיין הארץ, בלייבסט פעסט און שט[illegible]

האסט א גרויסען גאט אין הימעל,
ימים שפאלט ער מיט זיין האנד;
אויף זיין פליגעל מיט זיין שטורעם
טראגט ער דיך צום ליעבען לאנד...

---

## .III

מיט דער לבנה־שיין פערזילבערט
ווייט רינצעלט זיך דער וואסער־שפיגעל;
פערשפרייט האט זיך אויף אונז די נאכט
מיט איהר בלוי־סאמעטענעם פליגעל.

ס'איז ניט קיין נאכט — ס'איז א מלכת־שבא!
געהילט אין בלוים, מיט גאלד בעפליטערט.
שטיל אטעמט זי, און אויף איהר ברוסט
שעמירירט דאס גאלד, שעמירירט און ציטערט...

ווי שאף צושפרייט, די קליינע חוואליעס
שטיל וויעגען זיך אין לייכטען דרימעל.
כע ציטערען אין ים די שטערען —
ווער איז דא ים און ווער איז הימעל?...

צוויי ימ'ען שלאפען דא צוזאמען,
צונויפגעלעגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטען שלאפט ניט:
מיין הארץ מיט זיינע נייע ליעדער.

---

* *

*

(פון ר' יהודה הלוי).

---

ביינקסט אויך נאך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צוזייהטע און צושפרייטע, ביינקען?
ווילסט אויך, ווי זיי פון דיר, א ליעבען גרוס בעקומען?
דא האסטו איהם! א גרוס פון נאהענטע און ווייטע!
אין הארצען דורות־לאנג געווארעמט, טראגט איהם
פון אלע עקען וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים איין עלענד קינד דיינס, איינער
פון די, וואס זאפען־אן, ווי טוי דיין חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרערען

אונ שטארבען אין דער פרעמד פערליעבטע אין פארבייענקטע...
מיך ציהט צו דיר!... בייננאכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאכטאיילע, דיין יאמער-ליעד,
און חלומ'ט זיך מיר נאר דיין מארגענשטערען — ווער איך
דיין נאכטיגאל, דיין קלינגענדיגע הארפע...
מיך ציהט צו דיר! מיין הארץ געהט-אויס נאך יענע ערטער,
וואו די אבות האבען זיך בעגעגענט מיט מלאכים,
וואו די שכינה האט גערוהט, וואו דיין בעשעפער
האט דיינע טויערען, די הייליגע, געעפענט
אנ'קעגען זיינע הימעלשע שערים,
וואו ניט די זון און ניט לבנה, שטערען —
גאט'ס עהרע זעלבסט האט דיר בעשיינט מיט גלאנץ...
איך גאר, אז אויסגיסען זאל זיך מיין זעלע דארטען,
וואו ס'פלעגט אמאל גאט'ס גייסט און גאט'ס גענאד זיך גיסען
אויף דיינע אויסדערוועהלטע, מוטער ציון!
וואו נעהמט מען פליגעל?! שטיקערווייז וואלט איך מייז הארץ
ווייט ווייט צעווישען דיינע בערג פערטראגען,
כ'וואלט צוגעפאלען צו דיין ערד, כ'וואלט אויסגעקושט
איהר יעדען פוס-טרעט, יעדעס שטיינדעלע בעזונדער,
און אומגעוואנדערט וואלט איך טאג און נאכט
א נאקעטער, א בארפיסער אויף דיינע חורבות,
כ'וואלט מיט מיין שטעקען אויסגעמאכטען אלע קברים,
מיט דיין נשמה-לופט זיך אנגעאטעמט,
זיך איינגעוויקעלט אין דיין זיסען שטויב,
ביז צום בלינד ווערען בעוויינט דיין חורבן, ציון...
צי קען די שיין פאר מיינע אויגען זיס זיין —
אז שווארצע ראבען פיקען דיינע אדלערס,
צי קען מען לעבען אויף דער וועלט און צוזעהן —
ווי גאס-הינד שלעפען דיינע טוידטע לייבען...
גענוג, לאז אפ איין חיילע, כוס פון טרויער!
מיין הארץ איז איבערפולט מיט דיר פערביטערט,
כ'האב איינגעזאפט אין זיך דיין שוים מיט דיינע הייוען...
גענוג! איך וויל איין חלום זעהן און שטארבען...

כ'וויל זעהן, אָ, גרויסער גאָט, נור איין שטראַהל ליכט,
נור איין שטראַהל ליכט פֿון יענעם מאָרגענשטערען,
וואָס האַרף, וואָס מוז אַמאָל נאָך העל און לײַכטן:
זיך אָנצינדען אויף ציון'ס בלויען הימעל,
בענײַען און בעפֿרישען זי מיט יוגענד...
גענוג, איין זיסען חלום לאָז מיך זעהן נאָך
און אויסגעהן מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען...

## גרינס.

עס האָט מיך פֿערפֿלאָנטעט אין קוסטעס פֿון בלומען,
וואו באַבאַטשקעס צאַפּלען אין נעצען פֿון שטראַהלען
וואו מ'צישערט די לופֿט פֿון דעם זומען און זשומען —
און איך בין פֿערכּישופֿט צו דער ערד צוגעפֿאַלען.
ס'איז היים! ס'איז שען! ס'איז גוט! אַפֿילו
די האַלב־דערוואָרגענע געפֿיהלע —
זיי ווילען אויך די זון דערלאַנגען,
און צאַפּלען ווייכע, גרינגע, שטילע,
און שטעקען קעפּליך, ווי די שלאַנגען,
וואָס ציהען זיך אַלץ העכער, העכער,
מיט'ן האַלבען גוף פֿון שוואַרצע לעכער;
דאָס האָט אויף אונז אַ קוק געטהון
גאָט'ס מילדע זון!...

ס'איז היים! ס'איז גוט! גאָט'ס וועלטיל גלאַנצט;
אין טיעפֿען גראָז — דאָרט שווירעט, טאַנצט.
די סטעפּ — מיט בלומעליך געציערט,
וואָס גאָט אַליין האָט זיי געפֿלאַנצט,
מיט פּאַסען אַלערליי קאָלירט —
פֿערשפּרייט זיך ווייט און געהט אַוועק.
גאָר אָהן אַ אָנהויב, אָהן אַן עק...

און איינזאם דאָ צווישען גראָז
שפּיר איך אין מיר אַ גאַנצע וועלט...
דאָס האָט אויף מיר געטאָן אַ בלאָז
מיט פרייען פעלד!...

ס'איז שטיל! — שאַ, ערשט פאר מיר געשווינד
איז דורכגעלאָפען ווי אַ פייל,
אַזוינס, וואָס האָט געשמעקט מיט קינד
און ליעגט שוין ווייט פאַר טויזענד מייל.
דאָס האָט געטהון אַ בליץ, אַ גלאַנץ
מיט עפּעס גאָר אַנאַלט-בעקאַנטס,
אַנאַיינגעבאַקענס יאָהרען פיעל
נאָר דאָך פערגעסענעס געפיהל.
האָט דאָס געטאָן אַ גלאַנץ, אַ בליץ
און גלייך אין אויג דערלאַנגט אַ שפּריץ
אַ טראָפּען טוי פון יונגען גליק
און אויסגעטריקענט טאַקע באַלד...
דאָס האָט געטאָן אויף מיר אַ בליק
דער גרינער וואַלד!

# אונטער די גרינינקע בוימעליך.

אונטער די גרינינקע בוימעלך
שפּיעלען זיך משה'ליך, שלמה'ליך;
ציצית, קאַפּאָטקעליך, פּאה'ליך —
יודעליך פריש פון די אייעליך.
נופי'ליך — שטרוי, היך און פעדערליך —
נעהם און צובלאָז זיי אויף גליעדערליך —
האַפּען זיי אויף ברינגע ווינטעליך
און עס צוטראַגען זיי פויגעלך...

נור אײן זאַך פֿערמאָגען זײ — אויגעליך,
די אויגען פֿערמאָגען צווײ פֿינטעליך,
וואָס גליהען און פֿינקלען און טיקען זיך,
און עפּיס ווי נביאיש און וואונדערליך
פֿערטראַכטען זיך טיעף און פֿערקוקען זיך
אויף נעכטיגע טעג און איף פֿויגעליך...
אוי, מיר זאָל זײַן, יודישע קינדערליך,
פֿאַר אײערע כשרע אויגעליך!...






ה. ד. נאָמבערג.

# די פערלאָזטע כלה.

(פאָלקס־מאָטיוו).

I.

ברעטליך קויף איך מיר פאַר געלד.
שלאָג איך זיי צוזאַמען,
בוי איך מיר אַ שיפעלע,
צו פאָהרען איבער ימען,

לאָז איך מיך אין וועג אַריין,
אין וועג אין ווייטען;
שפּרייט איך מיר אַ זעגעל אויף,
אַ לאַנגען און אַ ברייטען.

שפּרייט איך מיר אַ זעגעל אויף,
בלאָזט איהם אויף דער ווינט. —
ווינט, דו ווינט, מיין שיפעל טראָג
צו יענעם ברעג געשווינד.

אויפ'ן ברעג פון גרויסען ים
איז א שטאדט פארהאן,
געהט זיך דארט שפאציערענדיג
א בלאנדער יונגערמאן.

רעדט און שמייכעלט חנ'עוודיג,
לאכט און זינגט א ליעד...
ווייסט ער חאטש, אוי, פיהלט ער חאטש
מיין הארץ, מיין שווער געמיטה?

.II

צווישען טאג און נאכט ביים ברעג
בלייבט מיין שיפעל שטעהן:
זעה איך איהם שפאציערען דארטען
מיט א מעדעל געהן.

האט ער מיך דערזעהן און שרייט:
„רחלע דו־מיין!"
לויפט ער צו און שפרינגט צו איהר
אין שיפעלע אריין;

קושט ער מיך און האלזט ער מיך
נעמט ער מיך ארום...
פלוצלונג לויפט דאס מעדעל צו
און קעהרט מיין שיפעל אום!

פאלען מיר אין ים אריין,
שלינגט א פיש אונז איין...
שווימט אוועק מיין שיפעלע
טרויעריג, אליין.

שווימען שווימט עס טאג און נאכט
ביזע ווינדען יאגען...
ווער עס וועט מיין שיפעל טרעפען,
זאל ער קדיש זאגען.

# איך קען אַ מעדעל...

איך קען אַ מעדעל זעהר אַ שענס,
איך זיץ ביי איהר גאָר גערן;
זי האָט אַ לאַנגען שוואַרצען צאָפּ,
אַ שמאָלען גלאַטען שטערן.

אַ מויל אַ קליינס, אַ פרישס, אַ רויטס,
וואָס עפענט זיך גאַנץ אָפּט;
צוויי ברוסטען קליינע, און אַ האַרץ,
וואָס ציטערט און האָפּט.

ביי איהר אין שטוב איז אויפגערוימט,
דאָס בעט איז צוגעבעט...
מיר זיצען, רעדען שעה'ן-לאַנג —
איך וויים נישט וואָס מען רעדט.

די ליפּען איהרע ריהרען זיך;
— וואָס האָט מאַרי געזאָגט? —
„היינט האָט די מאַמע אונזער דינסט
פון שטוב אַרויסגעיאָגט".

— אַזוי? די דינסט? — פערטראַכט איך מיך,
אוי-וואַ! אַ מאָדנע זאַך...
איך וואָלט די ליפּען אויסגעקושט,
און זיך און רעה און לאַך.

אין דרויסען פאַלט די נאַכט שוין צו;
„וואָס האָט איהר אַייך פערטראַכט?"
איך כאַפּ מיך אויף: וואו בין איך דען?
און זאָג: אַ גוטע נאַכט.

# אוי וועה און חא־חא־חא, אוי־אוי.

(קופלעטען).

.I

א שאַטען איז דעם מענשענס לעבען, —
אוי יאָ! עס איז אזוי.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפט דאַנעבען,
און יאָגט און פאַלט. אוי־אוי!
חאַ־חאַ! ער יאָגט און לויפט!
אוי־וועה! דאָס גליק אנטלויפט!
די צייט
פערגעהט;
אליין
בלייבט שטעהן
דער מענש און זעהט: דער קאָפּ איז גרוי!
ער פרעגט ערשטוינט: „וואו איז דער ציעל?"
און לאַכט מיט גאַל: „דער סוף פון שפּיעל!"
אוי־וועה און חאַ־חאַ־חאַ, אוי־אוי!

.II

די וועלט איז נאַריש און פערדאָרבען, —
אוי יאָ! עס איז אזוי.
זי האָט פיעל האָב און גוטס ערוואָרבען,
און נויט — נאָך מעהר, אוי־אוי!
חאַ־חאַ! דאָס געלד בעגליקט!
אוי־וועה! די נויט דערשטיקט!
איך שעלט
די וועלט
מיט האַק
און פּאַק
און טראַכט דערביי מיר שטיל אזוי:

און שלאָגט די וועלט זיך קאָפּ אין וואַנד,
בלייב רוהיג, האַרץ! זיי קלאָר, פערשטאַנד!
אוי־וועה און חאַ־חאַ־חאַ, אוי־אוי!

III.

מיין מעדעל איז אַ ליעד פון ליעדער, —
אוי יאָ! עס איז אַזוי.
אַ קרוין אַ קאָפּ, געטאָקטע גליעדער,
און אויגען צוויי — אוי־אוי!
חאַ־חאַ! זי לאַכט און שטיפט;
אוי־וועה! זי בייסט מיט גיפט!
איהר בליק
גיעט גליק,
זי קושט —
דערפרישט,
איהר מילדקייט איז פּריה־מאָרגען־טוי —
דאָך שפּיעלט זי יעצט אויף יענעמ'ס שוי'ס!
זיי רוהיג, האַרץ, און לאַך דיך אויס!
אוי־וועה און חאַ־חאַ־חאַ, אוי־אוי!

# אַ וויעג־ליעד.

ס'לויפען, ס'יאָגען שוואַרצע וואָלקען,
ס'פּייפט און ברומט דער ווינד, —
פון סיבּיריען שיקט דיין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד!

נאָר דער ווינד, ער ברענגט אונז גרוסען
פון דעם קאַלטען לאַנד;
דאָרטען שטעהט ער, אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנד,

און ער גראָבט אַלץ טיעפער, טיעפער,
ווארפט די ערד אַרויס,
ניט געזאָרגט דאָך! פאַר'ן שיך
גראָבט ער קבר'ם אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פאַלט ער אויפ'ן פעלד!
זאָרג ניט, קינה מיינס, דיך געבאָרען
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסען,
שלאָף זשע, שלאָף אַצינד;
זאַמעל כחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמעל, איינציג קינד!

# אֶלוּל־מָאטִיו.

דער טאָג געהט אויס אין שטילע פאַרבען,
אין מידיגקייט; — עס וועהט אַ קיהלער ווינד. —
ווער רופט? — אַליין בין איך געבליבען,
און נעבען מיר די אלול־נאַכט.

אַליין! וועלד־פרעמד איז מיר דער הימעל.
און פרעמד דער גאָט, די איביגקייט,
דער טויט איז פרעמד, זיין שטומע רוה, —
און טרויריג, טרויריג איז דאָס לעבען.

אַ רגע נור געדוירט דאָס גליק,
און ווידער בלייבט די איינזאַמקייט,
די איינזאַמקייט אין מיטען רויש פון לעבען,
די פינסטערניש אין מיטען העלען טאָג.



**א. וואלט** (ליעסין).

# זעהנזוכט.

עס געדהט די מיטען-נאַכט אין ווייסען אָנגעקליידט
אַריבער פעלד און וואַלד, אַריבער באַרג און טאָל —
אין ווייסען אָנגעקליידט, אויף זיידענם אויסגעשפּרייט
און גיסט מיט שטילען שיין אין טרוימען אָהן אַ צאָהל.
און ס׳שווימט אַרום פאַר מיר, אַזוי ווי איינגעהילט
אַ חלום אָהן אַ סוף, פאַנטאַסטיש, בלוי און מילד,
פון טיעפען הימעלרוים מיט שטערען דורכגעוועבט
און ביז דער ווייסער ערד אין שטראַהלען איינגעהילט.
עס שלאָפט די גאַנצע וועלט פערגאָסען דורך אַרום
אין מילדען שטילען שיין, בעצויבערט און ענטציקט;
עס שלאָפט די גרויסע שטאָדט, די גאַסען שוויגען שטום;
עס שלאָפט דער מידער מענש אין חלום איינגעוויגט.

איך געה, און שווים און שווים, אין ווייסען שטראַהלען־ים,
און ס׳ליפט פון מיר דער שלאָף, און שטאַרק אין ברענענד גלוט;
עס ריהרט זיך אויף אין מיר אַ לאַנג פערשטיקטער פלאַם,
און בריהט מיר היים דעם מאַרך און בריהט מיר היים דעם בלוט.
עס וואַכען אויף אין מיר פערלאַנגען אַלערליי,
פון לעבען און פון גליק, פון ליעבע און פון שמערץ
חלומות פון אַמאָל, פיל ליידענשאַפט און וועה,
זיי פלאַמען אויף צוריק אין חורבן פון מיין הערץ.
און ס׳שווימט אַרום פון מיר, אַזוי ווי איינגעהילט
אין שטילקייט פון דער נאַכט, דורך היים־וועה אָהן אַ שיעור,
אַ צערטליכע געשטאַלט, אַ פיעל געליעבטעם בילד. —
מיין טהייערע, טהייערער פריינד, אַך קום, אַך קום צו מיר!

אַך קום, אַך קום צו מיר אין שטילקייט פון דער נאַכט,
פון דיזער צויבערנאַכט — אַך קום, אַך קום צו מיר!
און זאָל מיין האַרץ פאַר דיר דאָ ווערען אויפגעמאַכט,
איך וועל דערצעהלען דיר מיין בענקשאַפט אָהן אַ שיעור,

ווי קאלט איז אין דער פרעמד, ווי שלעכט עס איז און שווער;
איך שעם זיך ניט פאר דיר, דו ווערסט פערשטעהן, איך וויים,
און זאל זיך גיסען פריי פאר דיר מיין שטילע טרער,
און זאל צוגעהן מיין הארץ אין דיינע ארעמס היים!
עס ענטפערט קיינער אב. עס שווייגט די גאנצע וועלט
פערגליווערט און פערשטארט אין בלאסער, טויטער פראכט;
אין בלויען נעבעל שווייגט די לבנה מאט, פערשטעלט.
עס ענטפערט קיינער אב. עס שווייגט די שטומע נאכט!

# דער תנא און דער שטן.

עס זיצט און עס לערנט דער תנא;
דער שטן, ער איז איהם מקנא.
עס דרעהט זיך דער שטן אהין און אהער;
דער תנא, ער טוט זיך צו איהם ניט אקעהר.

דאן כשופ'ט א כשוף דער שטן;
דער כשוף, ער איז איהם געראטען:
דער תנא, ער זיצט אין א הערליכען שלאס
עס פונקעלט איהם פרעהליך די משקה אין כוס

עס קלינגט דארט געזאנג און געלעכטער;
די שענסטע פון מענשליכע טעכטער,
די זיצט דארט, און זינגט איהם, און ווינקט איהם, און לאכט,
און ציהט איהם און שלעפט איהם מיט טייוועלשער מאכט!

א גלוט געהט דעם תנא אריבער,
ער שוידערט, אזוי ווי אין פיבער;
אט-אט און זיין קדושה, זי האלט שוין ניט אוים!
דאן חאפט ער און רייסט זיך די אויגען ארוים.

דער הייליגער תנא ווערט בלינד,
דער כשוף, דער בייזער, פערשווינדט,

די מעשה גערט איבער דורך טויזענדער יאָהר
ביז אונזער אַ תנא פון אונזערען דור.

עס זיצט אונזער תנא און טראַכט זיך:
ניטאָ גאָר קיין שטן, עס דאַכט זיך,
ניטאָ, אַך, ניטאָ די אַמאָליגע דורות,
ניטאָ די נסיונות, ניטאָ די עבירות!

די וועלט איז איצט שטיל און געוועהנליך,
דער שטן איז אָרעם און קליינליך,
די זינד איז ניט רייצענד, דער כשוף ניט רייך
דער תנא, דער שטן, זיי ביידע צוגלייך.





ל. יפה.

# מיר ציהען, מיר בלאָנזשען...

מיר ציהען, מיר בלאָנזשען אין פינסטער
נאָך ליכט און נאָך שטראַהלען פערשמאַכט...
רבונו של עולם, בעלייַכט אונז
די שווערע, די פינסטערע נאַכט!

עס דריקען די בלייַערנע וואָלקענס,
די פינסטערנעש שווער און געדיכט...
צינד אָן אין פערצווייפעלטען האַרצען
אַ שטרעבען צום אייביגען ליכט!

אַ בענקען נאָך שענקייַט און פרייַהייַט
אין אונזערע נשמות ערוועק!...
אוי, עפען אונז אויף דייַנע הימלען,
אוי, וויַיז צו דער זון אונז דעם וועג!...

# מַיין הַארץ איז אין מִזְרָח...

(נאָך יהודה הלוי).

מיין הארץ איז אין מזרח, און איך בין אין מערב,
ווי קאָן איך אַ גליקליכער זיין,
ווי קאָן איך פערגעסען מיין שרעקליכעס אונגליק,
און לעבען פול נחת און שיין...

אין ווייטע און גלענצענדע שענע מדינות
בין איך, ווי אָהן וואָרצלען אַ בוים,
מיר חלומ'ט זיך ציון, מיין אָרימעס ציון,
עס ציהט מיך אָהן אויפהער אַהיים...

עס גיעסען זיך ליעדער פון גליק און פון לעבען,
איך הער נאָר אַ ביטער געוויין,
עס יאָמערט מיין ברודער, ווי קאָן איך זיין רוהיג
און לעבען פאַר זיך נאָר אַליין...





י. י. פראָפּוס.

# אַ הערבסט־מאָטיוו.

וואָס וויל ער, דער וואָלקען, דאָרט איבער מיין שטיבעל,
וואָס רויבט ער אַוועק מיר דאָס ליכט?
און האָט ער אַ רעגען — וואָס ציגערט ער, ציהט ער,
וואָס טויג איהם אַזוי וואָס ער קריכט?

און האָט ער אַ רעגען — זאָל שטראָמען און גיסען!
איך וועל איהם אַ שותּף נאָך זיין
מיט ביטערע טרערען — וואָס אָבער פערשטעלט ער
פון מיר נאָך דאָס ביסעלע שיין!



איינציגווייז זענען די טעג מיר פערשוואונדען,
דאָס האַרץ האָט געדריקט;
געוועלקט האָבען בלומען אין גאָרטען — איך האָב זיי
מיט אייגענע הענד דאָך געפּליקט...

און טרויעריג האָט זיך דאָס ליעדעל געגאָסען,
עלינד און באַנג;
טיעף האָב איך אין קישען מיין פּנים בעהאַלטען, —
די נאַכט איז געוועזען אַזוי לאַנג...





**ז. שניאור.**

# פריהלינג.

גאָטעס הארץ האָט זיך צופלאַקערט
מיט רחמנות צו דער ערד:
האָט צוריסען גראָהע חמאַרעס,
אָנגעזויגען זיי מיט פייער, —
און מיט פליסיג־גאָלד בעגאָסען,
און ארוים מיט שיין און שמייכעל.

ס׳קרעכצט דער האַרטער אייז א׳יף טייכען
פון דעם נייעם זונען־שמייכעל;
שנייען שמעלצען זיך און לאָזען
ווי וואַסער־אָדערען אַרונטער;
ס׳ווערט פונ׳ם זילבער פליסיג־גאָלד,
פ׳גרעל־שוים — פון בלאָהען אייז; —
און די יונגע שטראָמען רוישען —
אויפגערעגט אויף אַלע זייטען,
ווי ערפרישטע יונגע בלוטען
אין אַ אויפגעלעבטען קערפער.

אָ, ניט קוקט וואָס אַלץ איז בלאָטיג, —
וואָס די ערד איז שוואַרץ און נאַס!
פון דאָס פייכטקייט לאַכט דער פריהלינג,
אין דאָס שוואַרצקייט פיהלט זיך גראָזען.
און צוזאַמען מיט די טראָפּענס
פאַלט די האָפנונג פון די דעכער.

קנאָספּען פּלאַצען מיט אַ שטילען
לעבענס-אויסגעשריי אין שאָטען;
העלער זעהען אויס די ראָבען
אויף ענטבלויזטע, גראָהע גערטנער
און זייַ קראַקען אונגעדולדיג.
יונגע הענדלעך קרייהען פרעהליך
און בעגריסען זייער פרייהייט.
וואָלקענס שוועבען, וואָלקענס בענקען
נאָך דעם ערשטען פרישען דונער.
און עס גיסט פון פרייד די סאָסנע
איהרע שמעקענדיגע טרעהרען.

ווענענס שניי עס איז צוגאַנגען
און אַראָבגעפּליַיצט פון האַרצען,
דער זאָל אָנטהון היַכע שטיוועל —
און צוזאַמען מיט די ווינטען
זאָל ער בלאָנדזען איבער פעלדער,
איבער נאַסע פריהלינג-לאָנקעס,
זאָל זיך צוהערען צו בוימער,
און זאָל זוכען וואָס עס פעהלט איהם —
זיין געליבטע, זיינע טרוימען...

# קאַרשען.

צײַטיגע קאַרשען און [illegible]ײַטיגע מעדלעך
מיט אויגען פֿיעל שוואַרצער פֿון קאַרשען;
עס קלעטערען מעדלעך נאָך קאַרשען און לאַכען,
עס בלאַנקען אין גרינס זײבער=באָרפֿיסע פֿיסלעך;
עס קנאַקען די דינע עלאַסטישע צווײַגען,
עס פֿלאַפֿלען די בלעטער און ס'הוידען זיך שאָטענס, —
אַ פנים זײ העלפֿען מיט לאַכען!
בעלאָדען מיט אויבס שטעהט דער אַראַלטער גאָרטען
און שמײכעלט מיט טויזענדער רויטינקע שמײכלען,
און ממזר'יש ווינקט יעדער פֿרוכט צו די אויגלעך,
וואָס זענען פֿיעל שוואַרצער פֿון קאַרשען.

אָט זענען די שטיפֿערקעס הויך שוין פֿערקראָכען.
עס מישען זיך לאָקען מיט בלעטער אינאײנעם —
און דונקעלע צווײַגען מיט דונקעלע פֿאַלדען;
אַ טרײסעל אַ בוים און עס שיטען זיך קאַרשען,
מיט פֿלאַמענדע בליקען צוזאַמען.
דו שטעהסט אונטער'ן בוים און צומישט און בעצויבערט,
און ווײסט ניט וואָס האַפען, וואָס שלינגען אַ פריהער,
אַ קאַרש צי אַ הײסינקען בליק.
שלינגסט קאַרשען און שטיקסט זיך פֿון יונגען געלעכטער,
דו לאַכסט אָהן אַ ציעל, אָהן אַ סבה, אָהן ווילען,
עס בליהט דער געלעכטער, ווי קוואַל=וואַסער שלאָגט ער
און רוישט ווי די בלעטער פֿון גאָרטען...
און ס'לאַכען די הימלען און ס'לאַכט גאָט אַלײן —
דער גרײז=אַלטער גאָט פֿון די ווײַסינקע וואָלקענס:
חאַ=האַ=האַ=חאַ... און עס ענטפֿערען מערלעך:
חאַ=חאַ-חאַ=חאַ... און אַ האָגעל אַ רויטער,
אַ ווײַסער, אַ שמעקענדער האָגעל און קאַרשען,
ער טענצעלט אין פֿויקט אין די גראָז ווי אויף סאַמעט —
אָ, קאַרשען, אָ, קאַרשען!

געבעטען זיך אין האנד אריין, געבעטען זיך אין הארצען —
א גליק צו גרוים, צו זיס פאר איין נשמה צו פערדייען.
מיט וועמען טיילען זיך איז אבער נישט געוועזען.
אלע האבען פון דער נאכט, פון גרויסען זומער־גליק
נאר קליינע, קליינע שטיקעלעך גע׳גנב׳עט,
בעהאלטען זיך מיט ווייב און קינדער, מיט כלות און חתנים,
פערשלאסען טהיר און לאדען, קיינער זאל ניט זעהען,
און גאנגען דארטען שטילערהייד, אז קיינער זאל ניט הערען —
איטליכער אין זיין קאנורע פאר זיין פיצעל נחת...

איך האב געזוכט א הארץ און האב א שטיין געפונען,
עלענד אין דעם גראז, ווי איך, איז ער געלעגען.
נארנישט געבענדיג דעם לעבען — גראה אין קאלט און הארט
האט ער אליין פון לעבען גארנישט ניט געווארט.
איך האב איהם צוגערוקט צו זיך און צוגעדריקט מיט ביינקשאפט,
ווי צו א שטומען ברודער מיין צוהיצטען שטערען;
פערהילעט איהם געדיכט מיט מיינע שווארצע לאקען,
געפיהלט מיט מיינע אדערען זיין שטיינער־הארץ,
אנגעטאפט מיט מיינע נערוועז זיין גראניטנעם דופק,
איינגעזאפט אין זיך מיט טויזענד מייללעלעך פון מיין הויט
זיין שווייגען און זיין הארטקייט...
און כ׳האב געפיהלט אהן ווערטער, וויפיעל וואסערען און
שטראמען
ס׳האבען איהם געקויקעלט און געשליידערט,
וויפיעל רעגענס האבען איהם געשווענקט און וויפיעל ווינדטען
האבען איהם פערשאטען און צוריק ארויסגעגראבען,
וויפיעל ווינטערען ער האט געוואוסט און וויפיעל זומער־נעכט
ער איז געלעגען עלענד, עלענד, עלענד...
ער שווייגט, ער שווייגט מיין שטיין און איך וועל שווייגען אויך.
פון פערמאכטע לאדען ציגלען פייערלעך מיט שפאט,
אין פערשפארטע הייזער שוועבען הייסע פרייען־שאטענס...
ער שווייגט, ער שווייגט מיין שטיין! און איך וועל שווייגען אויך...

# אַ שְׁטֵיין.

עס איז געווען אַ נאַכט, אַ זומער־נאַכט אַ קיהלע.
אַנגעזאַפּט מיט בלאָה'ס און לבנה־שײַן און ליעבע —
איז זי צוגעפאַלען לײַדענשאַפטליך צו דער מיעדער ערד
ווי אַ הײסע, רײַכע מאַמע צו איהר עלענדער יתומה,
ווייך אַרומגענומען זי מיט סאַמעטענע הימלען,
געקישט מיט גראָזען־ריחות, געווישט איהר שווייס מיט
ווינדטלעך,

געווײנט פון פרייד מיט מעטעאָרען,
און ערגיץ האָט אַ גריל דערזעגט זײַן סערענאַדע,
און ערגיץ האָט אַ זשאַבע לאַנג געקוואַקעט קריאת־שמע,
און ערגיץ־וואו אין גראָז בין איך געלעגען עלענד,
ערגיץ־וואו אין גראָז...

דער קערפער צוגעשמידט צו דר'ערד; און די נשמה —
האט געבלאָנדזשעט און געזוכט אַ ציעל אין טיעפען הימעל.
און צווישען גוף און זעלע, הויך אין בלאָהען עטהער,
זענען דורכגעשוואומען לאַנגזאַם זילבערנע פערקלערטע —
שטיקלעך וואָלקען, שטיקלעך וואָלקען...
אַ וואָלקען אַ געדאַנק, אַ וואָלקען אַ פאַנטאַזיע...
אַ וואָלקען אַ צערשטערטער ווײַסער חלום...
און צווישען גוף און זעלע האָבען ווייך געפלימעלט
וועלטען שטערען.

ערגיץ־וואו אין גראָז בין איך געלעגען עלענד,
און געזוכט אַ האַרץ מיט וועמען זיך צו טיילען
די בענקשאַפט און די נאַכט...
געווען איז צו פיעל גוט, אַז איך זאָל קאָנען שווײַגען,
צו פיעל פריש דאָס גראָז, אַז איך אַליין זאָל שמעקען,
צו פיעל טיעף דער הימעל, אַז מײַן געדאַנק זאָל דאָרטען
אומשווימען אַליין און ניט דערטרונקען ווערען.
אַ גרויסער זומער־גליק איז אין דער לופט געהאַנגען, —

אוי, בחור, וואָס טרוימסטו! און דאָ שפּרינגט אַ מעדעל
אַראָפּ פון אַ בוים ווי אַ יונגינקע סערנע!
ווי ווייס איז דאָס פּיסעל, וואָס טוקט זיך אין גראָז,
ווי זיס איז דער ריח פון די מעדעלשע פאַלדען;
און דו טוסט נאָך איהר, און דו לויפסט זי נאָך חאַפּען,
דו יאָגסט זי נאָך כלומר'שט און מיינסט מיט אַן'אמת;
צוטראָטענער ווערמוט פער'שכור'ט דעם מוח,
צורייצט מיט זיין ביטערען דופט די געפיהלען,
דו טרעטסט מארגאַריטקעס, דו שפּרינגסט איבער ראָזען,
וואָס אַרט דיך! פאָראויס לויפט דיין מעדעל, דיין מעדעל
איהר קערפּער איז פרישער פון בלומען...
מיט ליפּען בעגאָסען מיט קאַרשען=בלוט לאַכסט דו:
...„שטעה, וועהלינקע, קליינע". און בעטסט זי אין האַרצען:
– לויף ווייטער, לויף ווייטער...

עס קלאַפּען די הערצער, אַרום ווערט אַלץ שטילער.
דו ביסט שוין דער יעגער און זי איז אַ גאַזעל,
אַ גאַזעל מיט גרויסע צושראָקענע אויגען;
פערטרייבסט זי אין ווייטע און קיהלע אַלעען,
און לאַנגזאַמער לויפט זי, ווערט מידער און מידער...
איין שפּרונג – און דו חאַפּסט זי. עס הויבט זיך איהר בוזען
און שפּיעלט מיט די ווייכע באַטיסטענע פאַלדען. –
עס שמעקט פון דיין ליעבסטער מיט קאַרשען און יוגענד,
מיט טריף=וואַקס פון צווייגען און וואַרימען קערפּער –
פון קריכען אויף בוימער און לויפען...

אַרום שטעהען טאָפּאָלען – די שומרים פון גאָרטען –
ווי כהנים=גדולים אין גריי'ע טליתים,
די צווייגען געשפּיצט און געשטרעקט צו דעם הימעל
און דוכנ'ען אייביג, און בעטען אָהן ווערטער:
מעהר שטראַהלען דעם גאָרטען, מעהר שטראַהלען!
אַ ליידיג האַמאַק בעוועגט זיך פאַמעליך
דאָרט ע'גענץ צווישען צוויי אַלטע בעראָזעס,
ער וויעגט ניט=דערוויעבטע חלומ'ות, דער האַמאַק...

שטיל, קיינער זעהט ניט. דו מאך ניט קיין שהיות
די טאפּאָלען וועלען עס קיינעם דערצעהלען —
א קוש אין די גלאַטע, צוואַרעמטע בעקלעך.
א קוש אין די גרויסע, צושראָקענע אויגען,
וואָס זענען פיעל שוואַרצער פון קאַרשען. —
זי ווערט כלומר'שט ברוגז און בלאָזט אָן די ליפּלעך,
און ס'לעגט זיך א קנייטשעל פון קינדער־עקשנות
צווישען די קינדערשע ברעמען.
דו האַפּכט זי ארום און דו מאַכסט זיך ניט־וויסען:
א קוש אין דאָס ברוגז'דיג מיילכעל, אין העלזעל,
א קוש דאָרט צווישען די צעפּ, די געדיכטע,
דאָרט איז אזוי וואַרים, דאָרט איז אזוי מילד,
ווי אונטער א טייבעלשער פליגעל...
און לאָזט זי דאַן אָפּ. זי איז מיד, זי איז דורשטיג,
דו קוקסט אָן־א־זייט אזוי תמימות'דיג־רוהיג
און זעהסט נאָר א קליינינקען, גליהענדען אויער;
פערבייסט דאַן די קושען מיט זאַפטיגע קאַרשען —
אָ, זיס זענען קאַרשען, געשמאַק זענען קאַרשען,
א וועלט פול מיט קאַרשען.

---

# שַׁבַּת־מָאטִיוו.

---

די ערד איז ווייס, דער הימעל — בלאָה,
און אין דאָס וויסקייט שפּאַנט א מענש,
א קליינער, שוואַרצער מענש,
און דאָס בין איך.

איך שפּאַן פּאַמעליך — צייט איז דאָ;
אי דאָ אי דאָרט איז ווייס און בלאָה,
דער ווייכער שניי פערשרייבט די טריט;
איך געה!

איך עס דאס ווײַסקײַט, שלינג און שלינג,
איך טרינק ווי ווײַן דעם בלאָהען רוים;
אָ! בלאָהער, קאַלטער ווײַן —
פֿער׳שכּור מיך!

נאָר נײַן, מײַן קאָפּ איז שלאַנק און שטײַף;
ער מאַכט נאָר לויטערער דאָס אויג,
ער מאַכט נאָר פֿרישער דעם געדאַנק, —
דער הימעל-ווײַן.

און נעם איך לויפֿען, ווײס איך ניט
וואו מזרח, מערב, רעכטס און לינקס.
צי איך יאָג נאָך, צו יאָגט מען מיך,
צי לויף איך חאַפּען זיך אַליין —
אין ווײַסען סטעפּ...

איך לויף... און ס׳בלײַבט די בלאָהקײַט גאַנץ,
און אונבעריהרט דער ווײַסער גלאַנץ,
און ערד און הימעל — פֿול און קלאָר,
און איך בין שוואַרץ.

זײַ בײדע בלײַבען רוהיג-גרויס,
און קלײן און עלענד — איך אַליין: —
אַ שוואַרצער פֿלעק, וואָס שאָטענט אָב
דעם ווײַסען פּראַכט...

איך קוק אין ווײַטען האָריזאָנט:
אַ טאָפּאָל דין ווי שפּינגעוועב,
און איבער איהם שוועבט הויך אַראָב —
אַ צווײַטער פֿלעק.

אַ צווײַטער, קלײנער, שוואַרצער פֿלעק,
אַ פּינטעל טינט אין בלאָהען ים —
אוי, חבר, וואַרט! אויך איך בלײַב שטעהן,
אַ שאָד, אַ שאָד די האַרמאָניע,
ניט פֿליה אַוועק!...



## דוד איינהארן.

* *
*

אין שווארצען טו זיך אן, מיין פריינד,
און געה ארוים מקבל זיין
די מלכה שבת מיט דיין צער,
אין שאטען פון דעם נעילה־שיין.

און ווען זי וועט מיט שטילע טריט
אדורכגעהן אונזער ארים גאס,
ציגד אן מיט טרויער איהרע ליכט
און זאל דיין אויג פערבלייבען נאס.

און נאכדעם געה ארויס אין פעלד
און הער זיך צו צום קלויסטער־קלאנג
און זאג: דער פרעמדער גארטען בליהט,
פערוועלקט איז אונזער שוין פון לאנג.

און זאג: די חורבה איז פערלאזט,
עס ברומט שוין נישט אין איהר קיין טויב,—
דער שענער טרוים פון אויפבויען
דערשטיקט האט זיך אין אלטען שטויב.

און ווען עס וועט דער לעצטער שטראהל
פערגעהן, דאן קום אין שוהל צוריק,
בעהאלט זיך אין א ווינקעל שטיל
און האלט אראבגעלאזט דיין בליק.

# איינזאמע.

איינזאמע!
ווער וועט זיך טיילען מיט אונזערע ליידען,
ווער?
דערטרונקען אין פינסטערע נעכט וועלען ווערען
די בענקענדע טענער פון אונזערע ליעדער,
און קיינער נישט,
קיינער,
וועט לאָזען אַ טרער...

אַ מיידעל וועט אפשר אַמאָל אונז פערנעהמען
און ס'וועט איהר פון מיטלייד אין הארצען פערקלעמען,
אַ פריינד וועט אַמאָל אפשר זיפצען בעהאַלטען,
אַ קרוב וועט שענקען אַ טרייסט-וואָרט אַ קאַלטען,—
נור קיינער נישט,
קיינער,
וועט פיהלען דעם צער...

איינזאַמע וועלען מיר בלאָנזשען און בלאָנזשען,
און זוכען, נישט וויסענדיג וואָס;
נור וואויל איז צו די, וועלכע וועלען געפינען
אַ סטעזשקע, אָהן דערנער, וואו רוהיג צו בלאָנזשען;
אַ הייזעל אַ שטילעס, וואו טרוימען צו שפינען,
אַ זאַמד, צו דערשלינגען די טרערען וואָס רינען, —
וואויל איז צו די אויף דער וועלט!..

* *
*

אַ פרעמדע שטאָדט, אַ נעץ פון גאַסען,
איך געה און געה און זוך אַ טיר,
וואָס זאָל מײַן שטילען קלאַפּ דערקענען
און זאָל זיך עפענען פאַר מיר.

איך געה פון שטוב צו שטוב אָהן ענדע,
בײַ יעדער בלײַבט די טיר פערמאַכט;
אָט קלאַפּ איך, דוכט זיך, אין דער לעצטער
און בעט אַנ'אָברוה אויף דער נאַכט.

איך שטעה און קלאַפּ, עס פאַלען שאָטענס,
עס ציהען וואָלקענס זיך אין הויך,
אָ, גאָט! די לעצטע טיר זי שליסט זיך...
עס פרעגט אַ פרויען־שטים מיר ווײַך.

די טיר זי עפענט זיך איינגאַנצען,
עס הילט מיך אײַן אַ צאַרטעס ליכט,
עס שטעהט ענטקעגען מײַן געליעבטע,
אַ שמײַכעל שוועבט אויף איהר געזיכט.

אין האַנד האַלט זי אַ ליכט, די צווײטע, —
זי נעמט אַרום מײַן מיעדען קאָפּ.
איך פאַל און קוש דעם שוועל דעם לעצטען
פון לעצטען ווינקעל, וואָס איך האָב.

* *
*

מײַן פאָלק, עס געהערט מײַן נשמה דײַן טרויער.
אַזוי ווי די שכינה אין שוואַרצען פערהילט,
וועט זי אײביג זיצען מיט בענקשאַפט ערפילט
בײַ דיר אויף דײַן אַלטען צעוואָרפענעם מויער...

און דאָרט אויף די חורבות, פֿון בלאַסליכע שטראַהלען
ווערט זי איינזאַם שפּינען מיין צערטליכעס ליעד,
וואָס ווערט דיך דערגרייכען פֿער'חלומ'ט און מיעד,
און שטיל אין דיין זעלע, ווי פּערעל צעפֿאַלען...

מיין ליעד ווערט אַנ'איינזאַמע תּפילה דיר ווערען,
אַ בעכער פֿאַר דיינע פֿערלאָזענע טרערען;
מיט איהם וועסטו וועבען דיין טרויריגען ניגון,
מיט איהם וועלען מאַמעס די קינדער פֿערוויגען!..

---

# הערבסט־שטימונג.

ווי שטיל עס צעלעגען זיך טרויריגע שאָטען,
אַ ווינטעלע ציטערט צווישען די צווייגען
פֿערמאַך דיינע אויגען, מיין ליעבסטע, און לאָ'מיר
אַ מעשה'לע שפּינען אין הערבסטיגען שווייגען.

דו זייַ די פּרינצעסין, און איך דער בן־מלך.
אַ צערטליכער טרוים וועט אונז ביידע פֿערוועבען
אין ערגעץ אַ פּאַלאַץ, וואָס טונקט זיך אין וועלדער,
פֿער'חלום'טע וועלען מיר איינזאַם דאָרט לעבען.

דו הערסט, ווי עס רוישען די בוימער אין דרויסען
אַ וואָלקען פֿערציהט זיך אַריבער די שטערען,
אַ בעזער מכשף וועט פּלוצלינג ערשיינען
און וועט אונזער מאַרמאָרנעם פּאַלאַץ צעשטערען.

דער יונגער בן־מלך וועט ערגעץ פֿערבלאָנזשען
און האַלזען פֿון אומעט אַ פֿעלזען אַ האַרטען;
אין צעלט פֿון אַ פּאַסטוך וועט זיין די בת־מלכה
און, עלענד, פֿערלאָזען, איהר ליבסטען ערוואַרטען.

נור בלייבען אין מדבר וועט ער,— אויף זיין קבר
וועט שטעהן נור א איינזאמער דארן געבויגען.
און שטיל אין א פינסטערע נאכט דער בת־מלכה
וועט צומאכען רוהיג א פאסטוך די אויגען.

ניט שרעק זיך, מיין ליעבסטע, פערגעס אן דער ענדע,
פערזינק אין די שאטען דיין טיעפען בעדויער.
עס גיט אזוי זעלטען א שענע לעגענדע,
וואס ס'זאל נישט פערהילט זיין אין אייביגען טרויער.

# ליטא.

עס האט מיך געפאנגען דער אומעט, וואס שוועבט אויף די דונקעלע פעלדער
און רוהט אויף די איינזאמע בימלעך, וואס שטעהען צעווארפען אויף זיי;
דער בלאהער פערטרויערטער הימעל, וואס קוקט א פער־ווייגטער ארונטער
דורך ווייסליכע זיידענע נעבלען, ערפילט מיט א צערטליכען וועה;
די ראזע און שטילע פארנאכטען, וואס שטארבען ווי עלענדע קינדער;
די נעכט, וועלכע באדען זיך שטיל אין א בלאסען, א קרענקליכען שיין;
די מארגענס, וואס וועקען זיך אויף, ווי א שמייכעל אויף גוסס'ע ליפען;
די טעג, וואס ער־שיינען פערהילט, ווי זיי וואלטען זיך שעמען צו זיין;
די שמאלינקע טייכלעך, וואס בלאנזשען פון אונטער ברוגז'ע ווערבעס;
די לאנקעס, אויף וועלכע עס שפראצען זיך ארימע בלו־מעלעך שטיל;
די קליינע בעריאזעווע וועלדלעך אויף ברייטע אונענדליכע שטרעקעס,

ווי איינציגע ליכטיגע טרוימען אין תהום פון א שווארצען געפיהל.
עס האט מיך פער'כשופ'ט דאס לאנד, וואו די זון קוקט ארוים דורך א נעבעל;
דאס לאנד, וואו עס קומען קיין שטורמס, נור ווינטעלעך קייקלען זיך מיעד;
דאס לאנד, וועלכעס בענקט אין א טרויער און האפט אין איהר שטענדיגען צווייפעל;
דאס לאנד, וואו עס האט זיך געוועבט מיין פערבענקטעס פערחלומ'טעס ליעד.





יעקב שטיינבערג.

# כ׳לעב ווי גראזען אויפ׳ן פעלד...

---

איינער זיפצט און איינער לאכט,
איינער קוקט גלאט אן די וועלט;
איך האב זומער ליעב דאס גרינס,
כ׳האב הנאה פון דער קעלט.

כ׳לעב ווי גראזען אויפ׳ן פעלד,
ווי די חוואליעס אויפ׳ן טייך;
כ׳ווייס, ווי זיי, נישט פון א ציעל,
כ׳ווייס, אז אונזער סוף איז גלייך.

אבער איך האב נאך דערצו
א נשמה; גרויס צו קליין —
ווייסט נישט קיינער אויף דער ערד,
און איך ווייס עס נישט אליין.

איך האב שטיקלעך נאר פון איהר
אין געזאנגען איינגעוועבט;

ס׳וועט זיִך אויסזוכען אמאָל
יעדעם שטיִקעל, וואו עס לעבט.

און עס וועט א וויַיטער דור
זיַי נאָך היִטען אויף פּאפּיִער, —
אָבער טויזענד מאָל נאָך מעהר
וועט פערלאָרען געהן מיִט מיִר.

כ׳לעב דערפאַר וויִ גראָז אין פעלד,
וויִ דיִ חוואַליעס אויפ׳ן טיַיך;
כ׳וויַיס, וויִ זיַי, ניִשט פון א ציִעל,
כ׳וויַיס, אז אונזער סוף איז גליַיך.

## שטענדיג שען...

שטענדיג שען זעהט־אויס דאָס לעבען
דעם, וואָס האָט דיִ שענע אויגען;
איִך האָב אומעט פון צעהן דורות
פון מיַין מאַמעס ברוסט געזויגען.

אָבער אויב מען האָט נאָך קיִנדוויַיז
מיִר געוואָלט דיִ וועלט פער׳מיאוס׳ען,
אויב מען האָט מיַין האַרץ פערשביַינערט, —
פונ׳ם שטיַין וועט פריַיד נאָך פליִעסען.

קיִנדוויַיז האָט געוואָלט מיַין מאַמע
מיַינע תאוות מיִר פערוויִגען,
כ׳עפען איִצטער אַלע אוצרות
פון הנאה און פערגעניִגען.

שען און שענער ווערט מיַין לעבען,
פריַי און פרעהליִך ווערט איִן האַרצען, —
כ׳וועל פערהוליען זיִעבען דורות
ביִז מיַין לעצטען שלאָף דעם שוואַרצען.

# האב מיך ליעב...

(פון דער פאעמע „די טרויעריגע ליעבע“).

---

האב מיך ליעב, דו שענעס, ריינעס יודיש מיידעל!
ס'וועט דיר מיין מלאך די אויגען פערמאכען,
אבער דיין קינדערשער שלאף וועט נישט קומען;
וועסט זיך נישט ריהרען און ליגען פער'כשוף'ט:
מחנות=ווייז וועלען געשטאלטען ערשיינען,
פליהען ארום דיין געלעגער דעם ריינעם;
אט וועט א קינדיש געזיכט צו דיר שמייכלען,
קוקען אויף דיר מיט פער'חלום'טע אויגען,
וועסט אבער זעהן אין זיי טרויער אהן סוף:
גלייך ווי דאס הארץ פונ'ם קינד זאל שוין פיהלען,
וואס ס'איז א קינדהייט אהן שפיעלען און לאכען,
אין א פערשימעלטען גלויבען פון אלטע,
צווישען פער'חושך'טע בייזע געזיכטער,
מיט א פערשטויבטער נשמה, וואס קיינמאל
גיט נישט די זון זי א ווארם און א ווינדטעל
גיט נישט א בלאז אין איהר. —
מיין קינדהייט איז דאס.
זעהן וועסטו נאבדעם א בלאס=יונגען פנים
מיט א געדאנק אויפ'ן שטערן און אויגען,
וואס קוקען ווייט מיט פערלאנגען און בענקשאפט.
גיך פליהט די ריינקייט אוועק מיט דער קינדהייט:
ס'ווייסט שוין פערלאנגען דאס הארץ פון דעם יונגעל,
צי א פערבלאנדזשעטער שטראהל פון דער זון,
צי א גע'גנב'עטעם שפיעל אויף דער לאנקע,
אדער דער איינציגער בוים פאר'ן פענסטער,
וואס טהוט אין ווייסען זיך אן אנהויב זומער,
האט איהם דער סוד פונ'ם לעבען דערצעהלט?

אָבער אַליין איז ער וויעדער געבליבען.
מעהר האָט די זון נישט געוואָלט זיך איהם ווײַזען.
שפּיעלען זיך האָט ער געקאָנט נאָר מיט ספרים,
טריקענען האָט אויך דער בוים באַלד געגומען, —
אײַנער אַליין איז דאָס יונגעל געזעסען
אין דעם פֿער'חושך'טען קלויז און גע'חלומ'ט.
שטיל קוקט די ווינטער=נאַכט דורך די צוועלף פֿענסטער
אינ'ם בית=מדרש דעם פּוסטען אַרײַן;
שטיל איז אין קלויז און עס ריהרט זיך קײַן זאַך נישט:
ס'דרימעלט דער עמוד, די פֿלאַם פֿון נר=תמיד,
אונטער דעם פּרוכת שלאָפֿט גאָט און זײַן תורה,
ס'שלאָפֿט אויך זײַן גלויבען אין האַרץ בײַ דעם יונגעל;
באַלד וועט אויך ער, אויך דער לעצטער אַנטלויפֿען,
ווײַסטו, וואוהין דו ווילסט פֿליהען, יונג האַרץ?
ווער וועט דיך שיצען אין טומעל פֿון לעבען?
ועסט נישט דײַן פֿאָטערס גאָט נעהמען מיט זיך,
מיטנעהמען וועסטו זײַן הײַליגקײַט נישט,
באַלד אויף דער שוועל פֿון דעם קלויז וועלען לאָזען
אײַנער אַליין דיך די גוטע מלאָכים;
מיטשלעפּען וועסטו מיט זיך נאָר אַ טרויער,
וואָס האָט קײַן סוף נישט און האָט נישט קײַן נאָמען;
וועסט וועלען אָבלעבען פֿאַר אַלע דורות,
זאַט וועט נישט ווערען דײַן האַרץ און דײַן בײזער
אונרוהיג=קראַנקער געדאַנק וועט דיך שלעפּען
איבער דער ערד, — און וועסט גליקליך נישט זײַן
ס'שמײכלען די ליפּען: אַהין, ווײַט פֿון דאַנען,
ווײַט, ווײַט אַהין. —

דאָס בין איך אין מײַן יוגענד.

וועסט נאָכדעם זעהן אַ געשטאַלט אַ בעקאַנטע:
אויגען מיט לוסט צו דעם לעבען און ליפּען
מיט אַ פֿערביטערטען שמײכעל, וואָס לאַכען
זיך אַליין אויס און די וועלט וואָס אַרום זיי.
טײַער וועט זײַן די געשטאַלט דיר: ווי פּלוצלונג

וואלט פון א וויים לאנד א טייערער ברודער
צו דיר געקומען; דו וועסט דאן ווי ווארטען,
ס'זאל דיר דיין ברודער די האנד זיינע געבען
און דיך אוועקפיהרען וויים, וויים פון דאנען —
פיהרען, וואוהין ער נאר ווייסט און ער וויל.

האב מיך ליעב, דו שענעם, ריינעם יודיש מיידעל
כ'וועל אין דערפריה צו דיר געהן, פון דערוויימען
וועט ווי א גאלדען אויג שיינען דיין פענסטער
און מיט א גאלדענער בשורה מיר ווינקען.
אנגעטהון אין א וויים קלייד אין א לייכטעם
וועסטו שטעהן, ווארטען אויף מיר. איבער גאסען
רוישענדע וועל איך דיך פיהרען, און קלינגען
יום־טוב'דיג וועט אונז דער גאסען־געררויש, —
אבער איך וועל דיך אין פרייען פעלד ברייננגען,
אויסציהען וועל איך מיט דיר אויפ'ן גראז מיך,
און כ'וועל מיין בליק שיקען בלאנדזשען אין הימעל,
איבער די בלאה־קליינע בלימעלעך, איבער
דיין שענעם בליהענדען קערפער, און רוהען
וועט מיין בליק נאכדעם ביי דיר אין די אויגען.
דו וועסט מיך אנקוקען צארט און וועסט זוכען
אין מיינע אויגען מיין יונגע נשמה, —
אבער דו וועסט נישט געפינען זי, שענע:
דארט וואו דער אדלער פליהט איינער אליין
און הימ די איינזאמקיים צווישען די בערג,
דארט האט מיין יונגע נשמה פערבלאנדזשעט;
גליק איז געגאנגען זי זוכען, וואו בלאהער
ברייטען די הימלען זיך אויס און די זון
וועבט אויס פון גאלד ביים פערגעהן און ביים אויפגעהן
אויף יעדער שניי־וויימער ברוסט פון די ריינע
אייביגע בערג — איהרע צייכען און סודות.
אבער פערבלאנדזשעט האט דארט מיין נשמה,
האט נישט געזוכט זיך קיין אויסגאנג, וויל גארנישט
האט זי צוריק צו דער ערד נישט געצויגען.

קיינער האט דאס נישט געוואוסט, נאר דער שטן
האט מיט נקמה געלאכט און געפרעהט זיך,
דיין הארץ איז אינשולדיג נאך און עס האבען
דיך נישט פערלאזען נאך אלע מלאכים,
וועלכע בעגלייטען די קינדהייט די גוטע, —
כ'הער זייער שירה ביי דיר אין דיין הארצען:
ביז מיין פערשטויסענע נשמה וועט ציהען
זייער געזאנג און וועט רופען צוריק זי. —
ווארט אויף איהר שענע: זי קומט מיט דער פרישקייט
פון די פערשנייטע, איינזאמע בערג,
האב מיך ליעב, דו שענעס, ריינעס יודיש מיידעל!





יצחק קאצענעלזאהן.

## עלעגיע.

די זון פערגעהט אין פלאמען.
די זון — מען זעהט זי קוים.
אזוי פערגעהט מיין האפנונג,
אזוי פערלעשט מיין טרוים.

די נאכט, די נאכט איז פינסטער,
די נאכט איז שטום און שווארץ;
אזוי זעהט־אוים מיין טרויער,
אזוי זעהט־אוים מיין הארץ...

וועלט דו, וועלט, דו זארג ניט —
באלד לייכט־אויף דיין טאג!
אייביג איז מיין טרויער,
אייביג איז מיין קלאג.

# פֶּערְלִיעבְּטֶע.

אַ שטערענד'ל בּלינצעלט אין הימעל,
אַ מיידעלע בּלאָנדזעט אין גאַס —
וואָס ציטערט דער גלאַנציגער שטערן?
פאַרוואָס איז דאָס מעדעלע בּלאַס?

זיי בּיידע, זיי זענען פערליעבּטע,
די נאַכט נאָר, די שטילע — זי הערט:
ווי ס'שטערענד'ל רופט זי אין הימעל,
ווי ס'מיידעלע רופט'ן אויף דר'ערד.

אַ מאָל אין אַ נאַכט־שעה אַ שטילע..
ווען ס'גליהט־אויף אין הארצען די לוסט—
האָט ס'מיידעל צעריסען איהר בּלוזע,
בּעוויזען דעם הימעל איהר בּרוסט.

פערפלאַקערט האָט דעמאָלט דער שטערן,
געריסען פון הימעל זיך בּאַלד;
דאָס מיידעלע חלש'ט און זעהט ניט
ווי ס'גלאַנציגע שטערענד'ל פאַלט——

# אַ רֶעגֶען גֶעהט.

אַ רעגען געהט —
די קלאָרע טראָפּען זענען דאָך גאָט'ס טרערען!
זיין צער וועט אָבּער קיינער ניט פערשטעהן;
און קיינער וועט זיין אונגליק וויסען —
גאָט לעבּט פאַר זיך אַליין.
הויך האָט ער זיך פערקליבּען...

רופט ער ווענען—ווערט קיינער ניט דערהערען,
קיינער ווערט איהם פון דער ערד ניט גריסען,
קיין איינציג הארץ קען איהם נישט ליעבען
און קיין טרייסט=ווארט שענקען
פאר זיין טרויער'ן און בענקען;
און וויינט ער שוין, פליסט דורך זיין טרער —
אלע זיעבען הימלען, אלע זיעבען!
און פאלט אראב אויף דר'ערד א קאלטע, —
אזוי וויינט א זקן,
אנ'אויג א קראנקע און אנ'אלטע!...

וואס איז —?
אין מיט'ן טרויער'ן, אין מיט'ן וויינען —
אזוי פערשיינען?
יעדער גרויער עובר=בטל=וואלקען
פערוואנדעלט זיך אין א פייערדיגען ריז,
יעטוועדעס טרער'ל
איז א פער'ל,
אויף יעדע שווארצע פאלד, אויף יעדען דונקלען קאנט
ליעגט א דיאמאנט.
וואס איז? —
גישט אנדערש: גאט —
דער הויך פערקליבענער גאט,
היינט
אויף זיין קאפ א נייע קרוין דערשפירט,
אדער גאר געפונען
טיעף אין הארץ בעהאלטען טויזענד נייע זונען,
טויזענד זעליגע געדאנקען —?
א גליק! א גליק!
זיין גליק ווערט אבער קיינער ניט פערשטעהן,
און קיינער ווערט זיין פרייד נים וויסען,
ניט קיין שבחים, ניט קיין דאנקען
ווערט די ערד איהם שיקען —

ער לעבט צו הויך, ער לעבט אליין,
און זאל'ס איהם ניט פערדריסען! ..

אַ רעגען געהט —
וואס איז געשעהן? —
אַ רעגען פאלט,
און דער הימעל שטראהלט!
וואס איז געשעהן —
ס'פאלען טראפען.
ס'פאלען פלאמען —
אלץ צוזאמען!...
גאט ווייגט און לאכט
ניט אנדערש:
עס איז איהם גוט און ס'איז איהם שלעכט!
ערשט האט ער זי געוועבט, די זון,
ערשט האט ער זי געוואונען —
און גלייך איז זי צערונען...
ערשט האט ער איהם געטראגען, דעם געדאנקען,
ערשט איז איהם דערגאנגען,
און באלד איז ער צעגאנגען...

*

אַ רעגען געהט —
ווער ווייס, וואס ס'טהוט זיך דארט,
אין יענעם הויכען ארט?
זאל שיינען און זאל גיסען —
אַ מענש קאן גאר ניט וויסען.
אַ רעגען געהט! אַ רעגען געהט!



משה מײַטש.

# פון דער סעריע „הערבסט".

## I.

לאנג אבגעבלאנקט האבען אין פעלדער דער סערפ און די קאסע,
די תבואות — זײ זענען אויף העלפט שוין אין שײַער;
אויף לעדיגע בײַטען וועט פאלען די זילבערנע ראסע
און שניטערקעס וועלען ניט זינגען מעהר הײַ=יאהר.

און נאך א טאג, נאך א טאג... וועגענער לאנגע בערויבען
די מאמע די ערד פון דער פריה, פון בעגינען, —
און אז די לבנה בײַנאכט וועט א קוק טאן פון אויבען,
וועט זי א פער'יתום'טעם פעלד שוין געפינען.

## II.

דער הערבסט האט די אויגען די מידע פערמאכט:
ס'האט עמיץ בעזילבערט די ערד בײַ דער נאכט,

און האט אונז די שויבען מיט בלומען בעדעקט,
עס האט אינ'ם צימער מיט שנעען פערשמעקט.

און ליכטיג איז ליכטיג, די אויג ווערט פערבלענדט,
דער שפיץ פונ'ם טורעם אין זונען=שײַן ברענט.

און ס'דרעהט זיך דער ווינט אינ'ם געסעל און לאכט:
דער הערבסט האט די מידיגע אויגען פערמאכט.

* *
*

מיט יעדער פע־שטארבענער האפנונג
לעשט אויס זיך אין הארצען א שטערען,
ס'ווערט גרעסער אין מוח דער דלות,
און די אויגען בלייבט ווענינגער טרערען.

מיט יעדער פערשטארבענער האפנונג
פאלט אב א שטיק גאלד פונ'ם לעבען,
עס קומט די פערצווייפלונג אין שווארצען
און זעצט זיך תכריכים שטיל וועבען.

מיט יעדער פערשטארבענער האפנונג
ווערט שטומער דאס ווארט און אנטשוויגען:
עס ווילט זיך ניט זאגען דעם אמת —
און ס'ווילט זיך ניט זאגען קיין ליגען...

---

* *
*

איך צינד אן צוויי ליכט, רעכטס און לינקס פון מיין קאפ,
און נים אן דעם בעכער פול שארפען געטראנק;
איך פיהר היינט צו קבורה מיין ליעבליכסטען טרוים,
איך פיהר היינט צו קבורה מיין שענסטען געדאנק...

איך רייס מיך היינט אב פון דער אייזערנער קייט,
איך רייס מיך פון לעבען און פרייהייט ארויס;
איך טרינק אויס אפריהער דעם בעכער ביז דעק,
צוטרעט גלייך דעם בעכער, די ליכט לעש איך אויס.

און וויקעל זיך איין תכריכים'דיג־ווייס,
און שטארב א בעפרייטער פון מענשליכע זינד...
א „קדיש" וועט בלייבען מיין קלינגענדיג ליעד,
א הספד וועט מאכען אין קוימען דער ווינד...





י. אדלער.

# צו א זילבער־וואלקען.

זילבער וואלקען!
פעריל־וואלקען!
נישט געאײלט זיך,
נישט געלאפען,
שטעל זיך אב נור
אויף א רגע —
כ׳וויל א טובה
בײ דיר בעטען:

זוען דו וועסט נור
איבערשווימען
יענע הויכע
בלויע פעלזען,
וועלכע דרעמלען
אין די נעבלען;
און די פעלדער
מיט די יונגע
קארען־זאנגען;
און די טײכלעך
מיט די דראבנע
זילבער־וועלען;
און דעם גרויסען
ים, דעם טיעפען —
זאלסטו קומען
אין מײן שטעדטעל
אין דאס שטילע,
אין דאס שענע,
וואו די ווײסע
קלײנע הײזלעך
מיט די גרויע
שינדעל־דעכער

שטעהען אין די
גרינע גערטלעך,
אויסגעצירט מיט
קאַרשען=בוימער,
עפּעל=בוימער,
באַרען=בוימער,
און מיט הויכע,
און מיט שלאַנקע
טאַנען=בוימער.

דאָרטען, אין דעם
שטילען שטעדטעל,
אין אַ הײַזעל,
האַלב צובראָכען,
מיט פֿערקלעבטע
קלײַנע שויבלעך,
מיט אַ ברונען
אין דעם גערטעל,
און אַ קאַשטאַן=
בוים בײַם ברונען,
און אַ עפּעל=
בוים בײַם פֿענסטער —

אָט, אין דיזען
אַלטען הײַזעל
זיצט מײַן אַלטע
טרײַע מאַמע,
מיט פֿערווײַנטע
קראַנקע אויגען,
און מיט קנײַטשען
אויף דעם פּנים,
און מיט בלאַסע
טויטע ליפּען,

און אַ האַרץ מיט
טיעפֿע וואונדען
אַן׳אַלמנה
אַ פֿערצאָגטע, — —
ווען דו ועסט, אָ
זילבער=וואָלקען,
זעהן מײַן ליעבע,
גוטע מאַמען,
גריס איהר האַרציג
אין מײַן נאָמען.

און פֿערגעס ניכט,
זילבער=וואָלקען,
איהר צו זאָגען:
אַז מיר בײַנקט זיך
נאָך דעם שטילען,
נאָך דעם ליעבען
קלײַנעם שטעדטעל,
וואו מײַן וויעגעל
איז געשטאַנען,
וואו זי האָט מיך
אײַנגעשלעפֿערט
מיט אַ זיסען
קינדער=ליעדעל...

אויך פֿערגעס ניכט,
זילבער=וואָלקען,
איהר צו זאָגען:
אַז די צײַטען
זענען שווערע...
אַז איך קאָן איהר
הײַנט ניכט העלפֿען;--
ווען די צײַטען

וועלען ווערען
עטוואָס בעסער,
עטוואָס גרינגער,
וועל איך זיכער
נישט פערגעסען
איהרע לעצטע
ביסעל יאָהרען
צו פערזיסען...

זילבער־וואָלקען,
פעריל־וואָלקען,
זאָג מיר, ווערסט דו
נישט פערגעסען
אַלעס, אַלעס
איבערגעבען
מיין געטרייער
גוטער מאַמען?...

# שַׁבָּת בֵּין־הַשְּׁמָשׁוֹת.

ער געהט שוין אַוועק זיך,
דער הייליגער שבת
און שטיבעל ווערט פינסטער,
און שטיבעל איז שטיל;
עס שעפּצעט די מאַמע:
„אַך גאָט פון אברהם״ —
זי שעפּצעט די תּפלה
מיט הארץ און געפיהל.

„אַך גאָט פון אברהם,
פון יצחק, פון יעקב,
פערנעהם דאָך מיין תּפלה
אין הימעל׳ס־געצעלט —
און שיק מיר פּרנסה,
און רייכט אויף מיין מזל
און ליכטיג זאָל ווערען
מיין פינסטערע וועלט...״

עס דונקעלט דער הימעל;
עס ציהען זיך וואָלקענס,
און שטיבעל איז פינסטער
און אומעדיג, שטיל — —
נור ערגיץ אין ווינקעל,
פערשטופּט אין אַ שפּאַרע,
דאָרט טשירקעט און טשירקעט
פערבאָרגען אַ גריל...



ה. רויזענבלאט.

# פּריהלינגס רעגען.

(אין אָרימען געסעל).

אַ רעגענדעל האָט זיך געלאָזען
ערקוויקענד, מחיה'דיג, לייכט
און קאַפּיעט און פּויקט אין די פענסטער,
די שויבעלעך מאַכענדיג פייכט.

איך קוק ווי דאָס רעגענדעל קאַפּיעט
און שפּריצט אויף די שטיינער פון גאַס
און עפּעס פערקלעמט מיך ביים האַרצען
און מאַכט מיינע אויגען מיר נאַס.

דער רעגען, די ברכה פון הימעל,
וואָס שפּריצט אויף דער ערד זיך און גיסט,
ער פאַלט אויף מיין אָרעמען געסעל
און געהט דאָ פערלוירען אומזיסט.

עס וועט זיך מיין געסעל פערבלייבען
פער'חושכ'ט און אָרים ווי פריה'ר
אַזוי ווי די אָרימע מענשען,
וואָס לעבען און שמאַכטען אין איהר.

אוי אָרעמעס, אָרעמעס געסעל!
קיין גרעזעל, קיין בלעטעל, קיין בלום,
נאָר קראַנקע געבויגענע מענשען,
ווי שאָטענס דאָ שלעפּען זיך אום.

איך קוק ווי דאָס רעגענדעל קאַפּיעט
און עפּעס אין האַרצען מיך ציהט:
אוי אָרעמעס, אָרעמעס לעבען,
עס שפּראָצט דאָך וואו ערגעץ און בליהט!...

## מנחם.

*　*
*

גוטע מענשען, ליעבע מענשען,
זאגט מיר וואו איז מיין געליעבטע?
זאגט, וואו לייכטען איהרע אויגען,
זאגט, וואו קלינגט איהר קול, דאס זיסע?

כ'וויל א בריוועלע איהר שרייבען,
כ'וויל דאס גאנצע הארץ אויסגיסען
פאר מיין ליעבסטע, פאר מיין שענסטע, —
נור וואו איז זי, זאגט מיר מענשען?

דריי וועל איך איהר בריוולעך שרייבען:
ס'ערשטע לאז איך אויפ'ן וואסער,
אויף די פאליעס זאל עס שווימען
אונד צו איהרע הענר דערשווימען.

און דאס צווייטע וועל איך ווארפען
אויפ'ן ווינד מיט זיינע פליגעל —
זאל ער טראגען מיר דאס בריוועל,
אפשר וועט ער עס דערטראגען...

און דאס דריטע אויף די וואלקען,
אויף די ציהענדיגע וואלקען —
אפשר וועלען זיי עס ווארפען
אויף מיין טרייער ליעבסטער'ס שויס...

אפשר וועט איהר, ליעבע מענשען,
ערגעץ זעהען מיין געליעבטע, —
אוי, דערצעהלט איהר, ווי איך ליעב זי,
ווי עס בענקט צו איהר מיין הארץ.



## ל. שאַפּירא.

* *
*

אום האַלבער נאַכט... אום האַלבער נאַכט...
עס שלאָפט דער גייסט, דער בייזער גייסט,
וואָס רופט זיך טאָג.
עס רוהט און וואַכט
מיין האַרץ אַליין
אום האַלבער נאַכט.

עס זויגט דאָס אויג דעם חשך איין.
קיין פאָרם קלאָר, קיין שטאַלט, קיין פלעק,
קיין שאַרפער שטריך,
קיין העלער שיין,
עס פאַלט קיין פונק
אין אויג אריין.

דאָס אויער רוהט פון קלאַנגען־דראַנג.
די שטילקייט ז'שטיעף, ווי ס'איז דער ים,
און רעדט, ווי ער,
מיט ווייטען קלאַנג,
פילייכט א פלוך,
פילייכט — געזאַנג.

בעשאַפען ווערט אום האַלבער נאַכט
וואָס ס'לעבט אין חולה־נופל־טאָג
און שטאַרבט אין איהם.
דאָס האַרץ ערוואַכט
און רוהט און שאַפט —
אום האַלבער נאַכט.



# אינהאלט:



## ערשטע אבטײלונג.

### פאָלקס=ליעדער.

#### I. רעליגיעז=נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע ליעדער.



#### II. װיעג-ליעדער און קינדער-ליעדער.



#### III. ליעבעס=ליעדער.

### IV. חתן-כלה-און חתונה-לידער.



### V. פאמיליען-לידער און אנדערע.



---

## צווייטע אבטיילונג.

### ש. בערנשטיין:



### מיכל גארדאן:



### י. ל. גארדאן:



### אליקום צונזער:



### א. גאלדפאדען:

מ. מ. ווארשאווסקי:



שלום-עליכם:



## דריטע אבטיילונג.

ש. פרוג:



דוד פרישמאן:



י. ל. פרץ:

### יהואָש:



## פיערטע אבטיילונג.

### מאָריס ראָזענפעלד:



### אברהם רייזען:

## דוד אײנהאָרן:



## יעקב שטײנבערג:



## יצחק קאַצענעלזאָהן:



## משה טײטש:



## י. אַדלער:



## ה. רויזענבלאַט:



## מנחם:



## ל. שאַפּיראָ:




